טייג און די קינדער שיטן מעל און גיסן וואַסער. די שטאַרקערע מענער מאַכן די ראָש־טשינע און אַנדערע דערלאַנגען צום אויוון. און דער בעקער, ווי אַן אָפיציר אויפן פראָנט, שטייט ביים גליענדיקן אויוון און זייַן געזיכט שטראַלט פון גליק און שווייס וואָס רינט איבערן פנים. „ער" און ניט עמעץ אַנדערש פירט דאָ אָן מיט דער קאָמאַנדע, ער איז דער באַפעלער און עלטסטער.

די ערשטע מצות ווערן אַרויס גענומען פון אויוון און אַרייַנגעלייגט אין אַ קויש, וואָס איז באַדעקט מיט אַ ווייסער ציך. די מצות — קיילעכיקע, דינע, קרישלדיקע און שמעקעדיקע — גייען איבער פון האַנט צו האַנט. די ערשטע פאַרזוכן די קינדער, ביי זיי האָט שוין פון לאַנג געפּלאַצט דאָס געדולד מיטן וואַרטן אויף דער אויסגעבענקטער מינוט. נאָך זיי — די אַנדערע. מען פאַרזוכט און מ'האָט הנאה. מען לויבט און מען רימט — ווי דין, ווי ווייס, מחיה נפשות! טעם גן־עדן! דאָ און דאַרט הערט זיך די ברכה „ברוך שהחיינו".

אין שטוב האָט מען שוין צוגעגרייט אַ ווינקל „כשר לפסח", וווּ צו האַלטן די מצות. דער קאַסטן איז באַדעקט געוואָרן מיט ווייסע ליילעכער. די שפּאַנונג וואַקסט. אַלע וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן טרעגער מיטן קויש. פון דער ווייטנס הערט מען דאָס ווייזלען זיך פון איסר זאַכאַראָוויטש אויפן חשבון פון די שטעטלדיקע גבירים און זייערע שיינע, איידעלע, געצערטלטע טעכטער... מאַכטס אַ וואַרע! אָט איז ער — און דער קויש מיט מצות שטייט שוין אין שטוב. אַן אָנגענעמער ריח צעטראָגט זיך איבערן צימער. געפילן פון שפּאַנונג, פרייד און קדושה... און מיך פאַנטאַזיע דעמאָלט... אַזעלכע מינוטן... ווי דער מעמד פון הר סיני.

מיטן ענדיקן די צוגרייטונגען צו די מצות, הייבן זיך אָן די שטוב־אַרבעטן. קודם כל ווערן געגליט און געכשרט די קופּערנע כלים. טעפּ, פּאַטעלניעס, דיניצעס און שיסלען. דערנאָך קאַלכט מען די חדרים און צום סוף — אַ מין רייניקן, קראַצן, שווענקען, וואַשן — און דער באַלאַגאַן. אין יענע טעג באַווייזט זיך דער שניידער און דער שוסטער צוגרייטן שיך און מלבושים אויף פּסח. דעמאָלט הייבט אויך אָן לאָזן דער שניי. אַ וואַרעם ווינטל נעמט בלאָזן פון דרום. הינט, קעץ און אַנדערע ווילדע חיות גיבן צו וויסן מיט קולי־קולות וועגן זייער עקזיסטענץ. ס'הייבן זיך אָן די ליבעס־שפּילן. עס פּאַסירט, אַז אין אַזאַ טאָג קעלבט זיך אָפּ אַ קו און די ציג געבירט קליינע, זיסינקע ציגעלעך... און אין דרויסן גייען די וואַסערן אַריבער די ברעגעס. צענדליקער מענטשן זאַמלען זיך צונויף אויפן בריק פון טייך בערעזינע צו זען ווי עס שטראָמען די וואַסערן מיט כעס און צאָרן, ווי זיי שלעפּן מיט זיך ביימער, שטאַמען, גראָזן און ברעטער. מענטשן שטייען מיט קלאָ־פּעדיקע הערצער, דיסקוטירן, צי די בריק וועט אויסהאַלטן? און די עלטערע אין דער חברותא דערציילן ווי ס'איז אַמאָל געוועזן אַ בריק מיט אַ מיל און פיל הייזער, וועלכע זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן מעכטיקן שטראָם פון דער בערעזינע, ווי נאָר דער שניי

האָט געלאָזן. אַ טייל זאָגן, אַז דאָס איז געווען פאַר דער גרויסער שריפה; אַנדערע ווי־דער האַלטן, אַז דאָס איז געשען נאָך דעם...

דער יום־טוב שטייט שוין הינטערן טיר. אַלץ איז אויסגעפוצט, ריין, עס גלאַנצט. פון בוידעם ווערט אַראָפּגענומען דאָס יום־טובדיקע געפעס. פון אַלעמען טראָגט זיך דער ספּעציפישער, פסחדיקער ריח. אין אָוונט — די לעצטע קאָנטראָל. מיט אַ ליכט און געגנדזענע פעדער אין האַנט איז דער טאַטע בודק חמץ, רייניקט אָפּ די ברויט־קריש־קעס, וועלכע זענען פריער פונאַנדערגעלייגט געוואָרן אין פאַרשידענע ווינקלען און ערטער. צומאָרגנס ווערט דאָס חמץ פאַרקויפט צו אַ גוי — און אַלץ איז כשר לפסח.

ווי בענקט זיך צו די עטלעכע שעה פאַרן סדר, צו פילן די פייערלעכקייט אין יעדן ווינקל, די קדושה און ליכט! ווידער זיין אין דער אויסגעפוצטער שטוב, נאָענט פון דער מאַמען, וועלכע שטראַלט אין איר ווייסן טיכל אויפן קאָפּ... מאַמע!...

*

דער טיש פינקלט. די מצות, די פיש, דער וויין. אַלע זענען אויסגעזעצט צום סדר. דער טאַטע — ווי אַ מלך, אויפן העסע־בעט, אָנגעלענט אויף אַ קישן. און די קינדער — אין נייע אָנצוגלעך. איז דען פאַראַן אַ גרעסער גליק? פסח איז דאָך אויך דער סוף פונעם „זמן" צו לערנען אין חדר.

„מה נשתנה"? מיט מיינע גייסטיקע אויגן געזען... אליהו התישבי קומט אַריין אין שטוב און פאַרזוכט פון זיין כוס...

*

שוין דער ווינטער, שוין דער האַרבסט. דער שוויסטאָפּאַלער וואַלד שמעקט שטאַר־קער. די וואָס שפּאַצירן אין די אָוונטן אין די פאַרוואָרפענע געסלעך, ווערן פאַרשיכורט פון די ריחות. די רויזן און טאָפּאָליעס זענען דופטיק. די הילצערנע באַנק אין ווינקל ביים ציגל־הויז, דעם „פירשטן־פאַלאַץ". ווי ענערגיש, ווי גוט זענען די מענטשן אין גאַס און אין שטוב. ווי עס ציט דער קן, דער גדוד, די קבוצה. ווי באַליבט און זיס עס זענען די חברים.

איז עס מעגלעך — וואַרעמע ווינטן אויך אין האַרבסט? דער רעגן, אויסגעמישט מיט שניי, לאָזט איבער אַ טיפע בלאָטע אויף די וועגן, זעט אויס העלער און... שענער. דאָס אַלץ קאָנצענטרירט די געדאַנקען, נעמט צונויף די חלומות...

און ווינטער — ווי דער שניי בלאַנקט. ווי לויטער די לופט. און דאָס אייז — אַ קריש־טאַלענער שפּיגל. ווי גוט ס'איז צו גליטשן זיך אויפן שליטעלע. אוי, ווי מ'האָט ליב געהאַט אַזאַ לעבן.

אין שייער אויפֿן שטרוי זיצן די חברה אין אָוונט און זינגען. אַן אויסגוס פֿון געפֿילן, בענקשאַפֿט, וואַרעמקייט און ליבע אַרום. און לעבן אים זיצט „זי״ — אַזוי נאָענט. אָט איז זי אין גאַנצן, איר געשטאַלט, קול, אויגן־גלאַנץ, קערפּער, נשמה. טיף אין האַרצן. און דאָס געזאַנגט ציט זיך: „דער ירדן גיסט אויס / און זיינע לויטערע וואַסערן פֿליסן / און דערציילן סודות״... אוי, ווייסט ער אויך אונדזער סוד? ווייסט ער אויך וועגן דער אידעלער, באַשיידענער, פֿילבאַרער און גייסטיקער שטרעבונג, אָן קאָמפּראָמיסן? „כינרת שלי״. דער ירדן, כינרת. און די ליבע... און דאָס געזאַנג גייט ווייטער אָן. „הערט זיך איך ווי עס זינגט דער פֿרילינג — דאָס ליד פֿון בונט און פֿון פֿרייהייט״. הלוואַי זאָל עס אַזוי דויערן אָן אַ סוף, אָן אַ גרענעץ. אַ סך טעג און נעכט, אייביק...

ביסלעכווייז שטילט זיך איין דאָס געזאַנג און מ׳הויבט אָן אַ ליד וועגן גליק און רייכטום.

*

כ׳וועל אייך ניט פֿאַרגעסן — דעם רבין און חדר. אַ קינד בין איך נאָך געווען, נאָר טיף זענען איינגעקריצט די זכרונות פֿון חדר.

פֿינף יאָר אַלט געווען, ווען ס׳איז צו מיין טאַטן געקומען דער מלמד מיט זיין זון אַ שמועס טאָן וועגן מיין עלטערן ברודער, ער זאָל לערנען אין חדר. מיין ברודער האָט



גדוד הצופה של השומר הצעיר * דער גדוד הצופה פֿון השומר הצעיר

אָבער ניט געוואָלט גיין אין חדר אָן מיר. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן, אַז איך זאָל מיט־גיין. דער רבי האָט מיך גענומען אויפֿן רוקן און אַוועק געטראָגן אין חדר. קומענדיק אַהין, האָט ער מיך אַראָפּגעלאָזט. כ׳בין געבליבן שטיין אויפֿן שוועל אַ פֿאַרשעמטער און דערשטוינטער. פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס בילד פֿונעם חדר. לאַנגע ברייטע טישן מיט הילצערנע בענק, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעזעצט קינדער. אין אַ ווינקל פֿון טיש איז געזעסן דער מלמד מיט איינעם פֿון די קינדער און אויף אַן אָפֿענעם ספר געטײַטלט וואָס צו זאָגן. לעבן אים — דער קאַנטשיק. דער רבי קאָמאַנ־דעוועט: קאָמיץ אַלעף אָ, קאָמעץ ב — בו, ווײַטער. דעם קינד גייט שווער, דוכט זיך אַז עס וויינט.

דאָס איז עס? איך געדענק ניט ווי לאַנג כ׳בין אַזוי געשטאַנען מיטן פֿינגער אין מויל. פֿון איין טיש ווינקט צו מיר אַ ייִנגל. פֿאַמעלעך בין איך צו אים צוגעגאַנגען, נאָר דער רבי האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן. איך האָב באַמערקט, ווי אונטערן טיש האָבן איי־ניקע קינדער געשפּילט אין קנעפּ. כ׳בין צו זיי צוגעשטאַנען...

ענדלעך איז געקומען אויך מײַן ריי. דער רבי האָט מיך אַוועקגעזעצט אויף זײַנע קני און אין אָפֿענעם ספר אָנגעהויבן מיר ווײַזן די ערשטע אותיות. מיר האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז ער האָט מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ הייסער בראַטפֿאַן. איך האָב זיך טאַקע באַ־מיט ניט צו וויינען — ווי פּאַסט דען אַ פֿינף־יאָריק קינד צו וויינען? כ׳בין באַפֿרייט גע־וואָרן מיט אַ פֿרײַנדלעכן קנופּ אין בעקל. פֿון דעמאָלט איז מיר טאָג־טעגלעך אויסגעקומען צו זיצן מיטן רבין ביים ספר. באַקומען אַ סך מאָל אַ קנופּ אין בעקל, נאָר טיילמאָל אויך האָסטיקע צי ביים אויער — אַ וואָרענונג אַז כ׳האָב זיך טועה געווען מיט אַ זאָג, צי מיטן ניגון. דאָס איז געווען דער „באַראָמעטער" פֿון רבין. נאָר דעם אלף־בית האָב איך ליב געהאַט. און דערנאָך אויך די מעלאָדישע חומש־מעשיות. און דאָס אַהיימגיין בײַנאַכט פֿון חדר מיטן לאַמטערל אין האַנט...

*

קול חתן וקול כלה! אַ חתונה אין שטעטל. רבקה גייט אונטער דער חופּה. דאָס שטעטל קאָכט. אין גאַס שטייען רעדלעך מענער און פֿרויען און שמועסן וועגן דער חתונה. געהערט אַ מעשה? זי גייט אַן אַנשטענדיקן נדן. ער איז פֿון שכנותדיקן שטעטל דאָלהינוווו. מ׳זאָגט, ער איז רײַך, פֿון אַן אַנשטענדיקער משפּחה. אַ פֿערד־סוחר. ער האָט צו וויסן געגעבן, אויב ער באַקומט ניט די באַשטימטע סומע אין האַנט אַרײַן, וועט ניט זײַן קיין חתונה. טאַקע? עס זענען דאָך שוין געווען די תנאים. ער לאַכט זיך אויס פֿון די תנאים. אוי־ווי, אַ רחמנות אויף דער כלה. און וואָס זאָגט דער שדכן? ער באַמיט זיך, זאָגט צו צו רעגולירן דעם ענין, אויב ער באַקומט דאָס זײַניקע.

שוין צוויי וואָכן ווי אין דער כלות שטוב זשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. די צוגרייטונגען צו רבקהס חתונה זענען אין פולן ברען. אַלע קרובים און שכנים קומען העלפן. מען פּרעגלט טייגלעך, מאַנדלעך, אינגבערלעך. מען באַקט קוכנס, לעקעכס, טאָרטן און מען פלעכט דעם ריזן קוילעטש לכבוד חתן־כלה. ענדלעך בייגעקומען אַלע שטרויכלונגען, געקומען דער טאָג פון דער חתונה. אַלע קוקן זיך די אויגן אויס, אַז דער חתן און זיין משפחה זאָלן אָנקומען. אָט באַווייזן זיך שליטנס געשפּאַנטע אין אויסגעפּוצטע פערד, מיט גלעקלעך אויפן האַלדז. „ברוכים הבאים" — דאָס זענען זיי!

אויבנאָן, ביי גרויסע קוילעטשן און אָנגעצונדענע ליכט, זיצט דער חתן. לעבן אים — דער רב און שיינע יידן. נאָך זיי — די מחותנים, עמך, קרובים, פריינד און שכנים. ביים עק טיש פעלן ניט די אָרעמעלייט פון שטעטל. דער קלעזמער נחום דער פייפער דערלאַנגט אויף זיין פידל, צוזאַמען מיט דער קאַפּעליע, האַרציקע יידישע מעלאָדיעס.

נאָכן רבס דרשה און טרינקען לחיים, דערהערט זיך אַ חסידיש זמרל. אוי־באַ־באַ־באַם, אוי־באַ־באַ־באַם — און דער בדחן נעמט שיטן מיט גראַמען. דערנאָך קומט די ריי פון וועלוול שווערדלאָוו דער לץ און דעם אַלטן שמעון־אריהס ליד „מען לויפט און מען לויפט און מען ווייסט ניט נאָך וואָס מען לויפט...". און יוחנן שוחט זינגט דעם פרייעכן מזמור „ועשו כולם אגודה אחת". לחיים ר' ישראל! לחיים מאָטיע! איך המסחר



**תזמורת כלי הנשיפה שעברה את הגבול לברית־המועצות**

**דער בלאָז־אָרקעסטער, וועלכער האָט געשוואָרצט די גרענעץ קיין ראַטנפאַרבאַנד**

מיט יענער זייט? (גרענעץ). דער בגילופנדיקער מאיר־ברוך, חיים־רפאל דער שנײַדער, שמואל־אהרון דער היטלמאַכער, דאָדזשע דער שוסטער, זלמן קצב, מענדל בעל־עגלה, שמואל־לייב דער ליכטציער — דערציילן געפעפערטע וויצן... אַך, ווי גוט דאָס איז...

אין דרויסן — אַ גרויסער עולם. יונג און אַלט פון אַלע עקן שטעטל זענען געקומען זען די שמחה. מען דרענגט זיך צונויף אַרום די פענצטער, מען קלעטערט אויף די טרעפּ, ביימער, דעכער, פּלויטן. ס'איז פריילעך.

אין צווייטן הויז זיצט אויף אַ פּאָטעל די כלה. אין גאַנצן אין ווייסן. דאָס פּנים צוגע־דעקט מיט אַ שלייער, ווי דער שטייגער. זי כליפּעט און די ווייבער אַרום איר לאָזן אויך אַ טרער.

עס באַווייזט זיך דער חתן מיט די קלעזמאָרים, ער נעמט אַראָפּ דעם שלייער און פירט די כלה צו דער חופּה. עס ברענען אַ סך ליכט. די ענגשאַפט ווערט גרעסער, אַלע לויפן זען, האַלטן די חופּה־דרענגער, אָנצינדן אַ ליכטל. מיטן ענדיקן די חופּה־צערע־מאָניע, פאַרזאַמלען זיך אַלע אין טאַנץ־זאַל. מ'הייבט אָן מיטן חסידישן „שערעלע". יונג און אַלט, מענער און פרויען — אַלע צוזאַמען פאַרפלעכטן זיך, פאַרבונדן זיך, עפענען, שליסן, דרייען זיך אין קאַראַהאָד און טאַנצן אין אויסערגעוויינלעכער התלהבות. יידן — עס גייט אַ „שערעלע"!

דערנאָך קומט די ריי אויפן יונגוואַרג מיט זייערע פאָלקס־טענץ. אָט זענען זיי: ווולע, זישע, איצקע, טעוויע, בערקאָ, קאָפּל, חילקע, בערל, זלמן־אורע, ביינייש, זישע, זעליג, נחמן־ראובן, מאָנעס — און נאָך און נאָך. אַלע מיט פאַרביקע טיכעלעך אינעם ברוסט־קעשענקעלע פון דער מאַרינאַרקע. מיט גרויס העפלעכקייט פאַרבעטן זיי די מיידלעך צום טאַנצן.

אָט זענען זיי: מאַרישע, רבקה, חנה, עטע, מלכה, פאַניע, רוכקע, ביילקע, ציפּקע, שרה, באַשקע, עדקע, יוכבד, באַשקע, שיינע, דישקע, פעסקע; גאָלדע — אויסגעפּוצט אין זייד און צירונג — ביז באַגינען וועט מען טאַנצן. אַ חתונה אין שטעטל.

*

וואָס לויפסטו? אַ שריפה! וווּ? אויף דער סלאָבאָדע גאַס. דו הערסט דעם טראָמ־פּייט? און נאָך איינער — מען טראָמפּייטעוועט אין גאַנצן שטעטל. וואָס איז געשען? אַ שריפה! וווּ? וווּ? אויף דער סלאָבאָדע. און ווידער דער טראָמפּייט. אַ סברה אַז אַ גרויס פייער האָט זיך צעפלאַקערט און מען דאַרף לויפן אַהין...

די פלאַמען צעשפּרייטן זיך און גרייכן צום הימל. חיימס סקלאַד פון פלאַקס און זיין הויז ווערן פאַרלענדט פונעם פייער. די פייערלעשער מיט די גלאַנציקע מעשענע קאַס־קעס אויף די קעפּ און העקלעך אין די הענט — לויפן און טומלען. די פעסלעך וואַסער

אויף רעדער ווערן געשלעפּט דורך די פייערלעשער און פון דעם עולם, וועלכער ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אויפן וועג פאַרהאַלט מען עטלעכע פויערים, וועלכע פירן אויף זייערע שליטנס האָלץ אין שטעטל אַריין. מען שפּאַנט אויס זייערע פערד און מען שפּאַנט זיי איין צו די וועגעלעך מיט וואַסער. ענדלעך זענען אָנגעקומען די פּאָמפּעס. מען פּרובירט זיי לאָזן אין גאַנג — נאָר אָן אומזיסטיקע אַרבעט. מען נעמט אַראָפּ פון די וועגעלעך די עמערס, מענטשן שטעלן זיך אויס אין לאַנגע רייען ביזן ברונעם און מען הייבט אָן איבערגעבן די עמערס מיט וואַסער פון האַנט צו האַנט — ביזן אָרט פון דער שריפה. נאָר אָן שום נוצן. דאָס הויז ברענט שטאַרק און באַדראָאַט די דערביי־איקע הייזער.

חיים מיט זיין משפחה שטייען אַרום דעם פייער און וויינען. די ווייבער כליפּען. די שכנים שלעפּן אַרויס פון זייערע שטובן אַלע זאַכן. אַ טומל און געוויין, די פייער־לעשער מיט לאַנגע דרענגער פּרובירן צו צענעמען די בעלקעס פונעם ברענענדיקן הויז, כדי פאַרקלענערן די פלאַמען. די האָלאָוועשקעס גליען און רויכערן אַ גאַנצע נאַכט. אַ שריפה אין שטעטל.

*

אַ קליין באַשיידן הייזל. דאָ וווינט אַ משפחה מיט אַ סך קינדער, נאָר דאָס זענען פאַרשטענדלעכע מענטשן, זיי דערשפּירן דעם אָטעם פון דער נייער צייט — דעריבער שטייט דאָ דאָס וויגעלע פונעם קן „השומר הצעיר" אין דאָקשיץ.



הדליקה הגדולה בדוקשיץ * די גרויסע שריפה אין דאָקשיץ

דאָ קומען אַ סך יוגנטלעכע זיך איבערדערציען, לעבן צוזאַמען. דאָ אין דעם הויז רודערט זיך אַ גאַנצן טאָג. מיידלעך וואָס זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּוילישער שול צוליב זייער אָנגעהעריקייט צום „השומר הצעיר״ — וועלן דאָ געפינען זייער טרייסט. און אַז מען דאַרף אַרויספאָרן אויף הכשרה, האַלט מען זיך אָן עצה ווי אַזוי אָפּשוואַכן די עלטערנס קעגנערשאַפט. עמעץ דאַרף שוין עולה זיין קיין ארץ־ישראל — און ער האָט ניט קיין גראָשן אין קעשענע. דאָ זוכט מען אַ לייזונג. מען דאַרף לערנען אַ פאַך. ווי אַזוי? אַ וואָסער? ווו? דאָ באַראַט מען זיך. מען דאַרף קויפן לייוונט, שיך, אַ סוועטער, אַ מאָדעל פון אַ קלייד, אויסהעפטן אַ בלוזקע — דאָ וועט מען ענדגילטיק באַשליסן. אויב האָסט געלייענט אַ בוך און ווילסט וועגן דעם כאַפּן אַ שמועס — וועסטו דאָ געפונען אָן אויער, וואָס וועט הערן. אויב דאָס יונגוואַרג איז נאָך ניִשטאָ אין דעם הויז, קענסטו דערווייל זיך אויסטענהן מיט דער מאַמען, ביז די קינדער וועלן קומען. אַ גוטע, סימפּאַטישע פרוי. און אַלע זין — „גריבענע״, שאַרפע מוחות און שאַרפע צונגער. און די טעכטער — מלא חן און פאַרשטאַנד.... ווילט איר סתם וויסן נייעס פון שטעטל, דאָ וועט איר עס וויסן. אויך רכילות. וועגן וואָס וועט מען דאָ ניט רעדן?

וואָס איז נעכטן געווען אין קן? ווער אין וועמען האָט זיך פאַרליבט? ווער איז געפאָרן קיין ווילנע און געברענגט סאַכאַרין? וועמען האָט מען געטראָפן שפּעט ביי־נאַכט? וואָס איז פאָרגעקומען אין דער פּוילישער שול? ווער דאַרף חתונה האָבן? וואָס האָט געזאָגט איסר זאַכאַראָוויטש? און ווידער וועגן דער מחלוקת צווישן די צוויי רבנים. די תרבות־שול האָט צוגענומען אַ נייעם לערער. די פאָלקס־ביבליאָטעק האָט צובאַקומען נייע ביכער. אין באַנק איז עפּעס ניט אין אָרדענונג. ביינאַכט איז דער פייערלעשער־אָרקעסטער אַריבער די סאָוויעטישע גרענעץ. ווער זענען די פאָרלעך, וועלכע גייען מאָרגן אויסליידיקן די קרן קיימת פּושקעס? און ווידער אַמאָל וועגן טראַדיציאָנעלן פאַראַד יעדן זונטיק פון די פייערלעשער, מיט זייערע גלאַנציקע מעשענע קאַסקעס, מיט די טראָמפּייטלעך און אָרקעסטער. און אין „דאָס לודאָווי״ (פאָלקס־הויז) ווערט געוויזן אַ פילם. איר הערט? מ׳האָט שוין געברענגט קיין דאָקשיץ אַ ראַדיאָ מיט אויערן־האַלטערס — ער שטייט אין נאָענטן קאַפע־הויז, ממש מען רעדט...

ווידער זענען יונגע חברה אריבער די גרענעץ. נעכטן האָבן מיר געטרונקען קוואַס ביי מולע קוגעל. גוטער קוואַס. מ׳האָט זיך געשלאָגן מיט די קאָמוניסטן. דער רב גלינקין האָט געדרשנט אין שול קעגן די חברים פון קן, וואָס האָבן מחלל פּסח געווען... „פירעלעיער לאַטקעס״. אין גיכן וועט פאָרקומען אַ טיי־אָוונט. די וואָס צערן זיך אין די נעכט באַפרייט צו ווערן ביים פּריזיוו, האָבן דאָס האַלץ צום הייצן אַריבערגעפירט פונעם גביר צום אָרעמאַן. שיכורע גויים האָבן אָנגעהויבן האַקן שויבן ביי ידן, נאָר באַקומען אָנגעבראָכן די ביינער...

שלמה און ישראל באַקומען סערטיפיקאַטן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. די גע־זעגענונג אויף דער בריק... דער פריילעכער משוגענער האָט געזאָגט: „דער קרן קיימת קאָמיטעט אין דאָקשיץ גרייט צו אַ פאָרשטעלונג". מ'האָט אַרעסטירט עטלעכע יידן, ווייל




ועד הבזר למען קרן קיימת * קאָמיטעט פונעם קרן־קיימת־באַזאַר

זיי האָבן געהאַנדלט מיט יענער זייט גרענעץ. מ'האָט ווידער פאַרשפּרייט קאָמוניסטישן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל. זי איז אַ שיינע...

פיל ועלן געדענקען די קליינע, וואַרעמע הייזקע. דער אויוון, די קאַנאַפּע, טיש, נאַפט־לאָמפּ, ווייכקייט, פּשטות און באַשיידנקייט...

פון דעם אַלעמען זענען געבליבן בלויז זכרונות, איבערלעבונגען און — — — — אַ צעבראָכן האַרץ פון אומענדלעכן טרויער...



# מיין שטעטל דאָקשיץ

**(דערמאָנונגען, שטייגער, געשטאַלטן)**

צבי מאַרקמאַן / קיבוץ חצור

אַ, דאָקשיץ מיין שטעטל, איך קום דיך דערמאָנען...
אַ לעבן געשפּרודלט פון זויבערע קוואַלן,
כאָטש קיינמאָל כ׳וועל דיך פאַרגעסן ניט קאָנען,
עס לאָזט זיך נישט גלויבן, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן!

וועלדער האָבן דיך אַרומגערינגלט,
ביימער פלעגן זומער גרינען.
ס׳האָט דאָרט אַ טייכל זיך געשלענגלט
אונטער די שטראַלן פון באַגינען.

ווי מען פלעגט אַמאָל דערציילן,
גרענעצן אויף האָריזאָנטן...
אָפטע מלחמות און פּאָגראָמען,
שלאַכטן אויף אַלע פראָנטן.

באַלאַכאָווצעס, היידאַמאַקן,
ווילנדיק זיך פריילעך מאַכן,
פלעגן בערד שניידן, שויבן האַקן,
דערביי ווילד־טייוולאָניש לאַכן.

פאַריבער זענען יענע צייטן,
געוואָקסן זענען נייע דורות
און אָנגעהויבן גלייך מיט לייטן
לעבן זיך אין שרעק און מורא.

קלויסטערס דריי און אַ מעטשעטל,
מילן און אַ ברויז פון ביר,
אַ מאַרק אינמיטן שטעטל,
קראָמען, קלייטן — אָן אַ שיעור.

אויסגעשטעלט אין דער וואָכן
פורן סחורות אַלערליי,
האַנדלען יידן מיט ביטחון —
עופות, תבואות, פלאַקס און היי.

הייזער אַלטע, דירות גראָמע,
הילצערנע און אויך פון ציגל.
שטיבלעך הויקערדיקע, קרומע,
מיט איינגעפאַלענע פליגל.

סוחרים, קרעמער, שניידער, שמידן
בעלי־עגלות, טרעגער, שוסטער,
און אויך סתם אַזוי זיך יידן —
כמעט פון יעדער מין אַ מוסטער...

יידן בערדיקע, ראַזירטע,
פריילעכע, אויך מיט אומעט,
ריין געקליידעטע, פאַרשמירטע,
פאַרגעשריטענע און פרומע.

האַרעפּאַשניקעס, כלי־קודש,
אַלץ געקומען דעם מגיד הערן.
פול די שול און בית־המדרש,
אויך צום חזן לויפט מען גערן.

מען פּלפּולט זיך ביי אַ משניות,
אויף אַ פּשטל, אַ הלכה,
פּאָליטיק, דערציילן נייעס —
אַמאָל אויך: אַ שנאַפּס, אַ ברכה...

אַזוי האָט מען געלעבט אין פרידן,
אַמאָל צעפּאַטשט זיך אויכעט,
ווי דער סדר ביי יידן —
צוליב אַ רב און פּאַר אַ שוחט.

קינדער דאָ געוואַקסן קליינע,
און געלערנט זיך כסדר.
ווער אין פוילישער „פּאָווסעכנע",
ווער אין „תרבות", צי אין חדר.

געשפּילט זיך אויסגעפּוצטע, זאַטע,
מיט אייגעלעך שוואַרצינקע און בלויע,
אויך הונגעריקע, אין שמאַטעס,
געקוקט מיט שטאָלץ און... הכנעה.

געמיטלעך יוגנט פלעגט שפּאַצירן,
פאַרחלומט קוקן אויף די שטערן,
לידער זינגען, ליבעס פירן,
לאַכן האַרציק, אַזש ביז טרערן.

תנאימס, חתונות און בריתן,
אונטער דער חופה חתן־כלה,
ביי פיין געדעקטע טישן —
מחותנים, פריינד און אַלע.

לאַיאַל געלעבט, געצאָלט „נאַלאָגן",
כאָטש אַ ביסעלע געבויגן.
דעם בורמיסטוש „דזיען דאָברי" זאָגן
פאַרן סעקוועסטראַטאָר זיך פאַרנויגן.

אָט אַזוי, אין גרויס האַרמאָניע,
כמעט דעם גלות פאַרגעסן...
איינגעלעבט זיך מיט פּאַניען,
משלים געווען מיט עקסצעסן.

אויפגעוואַכט האָבן אידייען —
קאַמף פאַרן מאָרגן און פרייהייט ;
אין אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען,
חברים מיט ברען און טרייהייט.

ביי שייטערן אַ שבועה ברענגען:
חלוצים, שומרים, ציוניסטן.
אַמאָל אַ רויטע פאָן אויסהענגען
פלעגן אויך די קאָמוניסטן.

דיסקוסיעס, לעקציעס, דעבאַטן
און געזעגענונגס־באַנקעטן,
פאַרשטעלונגען, רעפעראַטן
באַזאָרן און פאַנטן אויספּלעטן.

עס פלעגט אַרויס גאַנץ קהל
צו אַ „האָראַ״־טאַנץ מיט ברען,
ווען באַגלייטן קיין ישראל
מ׳האָט אַ חבר פונעם קן.

ביז היטלערס חיות ווילדע
האָבן אין קריג זיך געלאָזן,
מיט אַ בלוטיקן געפילדער
שטורעם אויף דער וועלט צעבלאָזן.

האָט די אַרמיי די רויטע,
אָן אַ שאָס און אָן פייער,
געעפנט האָריזאָנטן ברייטע —
וואָס זענען געווען אַזוי טייער.

צוגעזאָגט אַ לעבן שענער,
אַרבעט, בילדונג, גליק און שלום —
לאָזונגען, פּלאַקאַטן, פענער...
איז עס בלויז געווען אַ חלום?

אָבער די פאַשיסטישע כוחות
האָבן אויף מזרח זיך געריסן.
געמאָרדעט און געשפּאָלטן מוחות,
טייכן בלוט געלאָזט פליסן.

זי האָבן יידן אין די גריבער
לעבעדיקערהייט געטריבן
און מיטן בלוט און מאַרך פון קינדער —
אין דער געשיכטע זיך פאַרשריבן...

שווער צו געפינען אַזאַ פעדער
וואָס זאָל קאָנען אַלץ אויסדריקן,
וואָס אין האַרצן פילט יעדער,
ווען די טרערן שטיקן, שטיקן...

אָט שטייען מיר די לעצטע עדות
אין טרויער טיף די קעפּ געבויגן
נאָך אומגעבראַכטע עלטערן, זיידעס,
שוועסטער־ברידער, קינדער, קרובים.

אויף אייביק פאַרשווונדן, פאַרוואַקסן די קוואַלן,
דיין שאַנד און ווייטיק פאַרגעסן נישט קאָנען,
ס׳ווילט זיך ניט גלויבן, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן...
אָ, דאָקשיץ מיין שטעטל — איך קום דיך דערמאָנען!

**פון חדר — ביזן בית־הקברות...**

דאָקשיץ, מיין שטעטל — שטייסט איצט פאַר מיינע אויגן. פון די פריסטע קינדער־יאָרן, מיט די חדרים ווו ס׳האָט געלערנט שטיפעריש קליינוואַרג, מיט דער שול ווו לערער האָבן אין אונדז פאַרפלאַנצט יידישן און אַלגעמיינעם וויסן.

אָט דערמאָנט זיך מיר אַ גאַסן־צוג אין טאָג פון ל״ג בעומר, מיט די נאַציאָנאַלע פענער און לאָזונגען „זאָל לעבן אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך!". אָט קומט פאַר אַ קרן־קיימת באַזאַר מיט די שיינע עקספּאָנאַטן און צייכענונגען, וועלכע באַגייסטערטע יוגנט־לעכע פאַרוואַנדלען אין אַ פאָלקס־דעמאָנסטראַציע פון ליבשאַפט און טרייהייט צום ציוניסטישן געדאַנק. און די לעבעדיקע, שפּרודלדיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: השומר הצעיר, החלוץ, החלוץ הצעיר, בית״ר, קאָמיוג. אומעטום — אַ לעבהאַפטע טעטיקייט, דיסקוסיעס געפירט מיט ברען און לײדנשאַפט. קעסטל־אָוונטן מיט שאַרפע וויכוחים, וואָס ענדיקן זיך טיילמאָל מיט קלעפּ. און איבער אַלעמען — אַ פרייד! אַ חבר פאָרט קיין

ארץ־ישראל דאָס גאַנצע שטעטל באַגלייט אים מיט געזאַנג און טענץ, אויפן בריק צעטאַנצט מען זיך אַ „האָרא״, דערנאָך גייט זיך דאָס לעבן זיין וויטערדיקן גאַנג.

דער גערויש פון די מצה־פּאָדריאַדן זאָגט אָן וועגן זיך דערנענטערנדיקן פּסח. מילכיקס, תשעה־באב — מיט דזשעדעס (שטעכעכץ). אויסגעפּוצטע און פייערלעכע שפּאַצירן מיידלעך צו דער שול אין ראש־השנה, כדי הערן שופר בלאָזן. ביים טייכל שטייט אַ המון יידן און מיטן אויסטרייסלען די טאַשן, באַפרייט ער זיך פון אַלע עבירות אין פאַרגאַנגענעם יאָר. דערנאָך הייבט זיך אָן דאָס שלאָגן כפרות ערב יום־כיפור, יידן איינגעהילטע אין טליתים און קיטלען פאַסטן און דאַוונען מער ווי אַ מעת־לעת אין די פאַרפולטע שולן, וווּ די ליכט ברענען אָן איבערייס. כל נדרי — איז פאַר אַלע יידן אין שטעטל אַ גרויס איבערלעבעניש.

אַט לויפט דער שמש מיטן אתרוג און לולב צו די ווייבער, זיי זאָלן נישט פאַרזוימען די דאָזיקע מצווה. אַט ווערט פריילעך אין די גאַסן און אין אַלע זעקס בתי־מדרשים — שמחת־תורה אויף אייך, יידן. אין לייכטער שיכרות לאָזט זיך דער עולם אין הקפות. ברכות מיט „שהכלען״ איבער פולע בעכערס, גאַנצע משפחות ווינטשן זיך לחיים!

ווידער קומט דער גראָער אינדערוואָכן, מיט די אַלטע זאָרג און צרות. שטיל ציט זיך צום בית־הקברות א לוויה און די קודראַווע סאָסנע־ביימער וויגן זיך צום טאַקט און



בבית־הקברות בדוקשיץ ● אויפן דאָקשיצער בית־הקברות

גיבן שאָטן דעם פרישן קבר. אָט נעמען זיך חברה פריזיוויניקעס אָפּטוען זייערע שפּיצלען, וועלכע רופן אַרויס אי געלעכטער, אי כעס.

## באַרג אַרויף — און אונטערגאַנג...

ווער פון אונדז געדענקט נישט אַ זומערדיקן שבת־טאָג אין סוויסטאָפּאָליער וואַלד. אָט האָט אַ באַרימטער רבי באַשלאָסן צו באַזוכן אין דאָקשיץ זיינע חסידים. נאָכן טיילן די שיריים, הערן זיך פאַרשידענע ניגונים, אַ טענצל, מען דערלאַנגט „קוויטלעך". אין „פאָלקס־הויז" ווערט מיט דערפאָלג געשטעלט אַ פּיעסע. דער דראַנג צו שפּילן טעאַטער און זען פאָרשטעלונגען ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. בפרט נאָך, אַז די הכנסות זענען באַשטימט פאַר אַזעלכע לעבנסוויכטיקע צוועקן, ווי משמרת חולים, תרבות, קרן קיימת, יידישע שול, קרן עלייה, פּרויען־קאָמיטעט. דאָס מיינט ניט נאָר פילאַנטראָפּישע הילף, נאָר אויך מאָראַלישע און גײַזעלשאַפטלעכע שטיצע, באַזונדערס די קראַנקע.

1939. די רויטע אַרמיי מאַרשירט אַריין קיין דאָקשיץ אין יענע באַרימטע סעפּטעמבער־טעג. אַלע סאָציאַלע זאָרגן פאַלן אויף דער מלוכה. נאָר פון די אַמאָליקע יידישע אינסטיטוציעס בלייבט נישט קיין זכר. בלויז דער דראַמאַטישער קרייז ברייטערט אויס זיין טעטיקייט און דער כאָר זינגט נייע לידער וועגן זיג און פרייהייט. נאָר דאָס דויערט נישט לאַנג. דער פאַרשאָלטענער האַקנקרייץ מיט זיינע פיר גיפטיקע שלאַנגען־קעפּ שפּרייט אויס זיין ממשלה אויף אייראָפּע און גרייכט אויך קיין דאָקשיץ. אַ פינצטערער וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף יידישע קעפּ אין שטעטל. אָבער אויך אין יענע שווערע טעג פון געטאָ פאַרלירן ניט אַחינו בני ישראל דעם צלם אלוהים. דער שטאַרקערער העלפט דעם שוואַכן מיט טאַט און ראַט. און אַז די לעצטע האָפענונג האָט זיך אויסגעלאָשן, האָבן זיי באַוויזן זייער גבורה, גייענדיק דעם טויט אַנטקעגן מיט רויִקייט, ווירדע און ווידערשטאַנד. איז דען פאַראַן גרעסערע גבורה ווי די פון דער יידישער מאַמע אין דאָקשיץ, וועלכע האָט איר אייגן קינד איינגעשפּריצט מאָרפיום, כדי אים פאַרלייכטערן די גסיסה? אָדער יענער יונגערמאַן, וועלכער איז שוין אַן אַדורכגעשאָסענער, מיט דער קויל אין רוקן, אַרויסגעשפּרונגען פון מאַסן־קבר און געפּאַטשט דעם רוצח? צי דער פאַרהאַלטענער בחור, דעם זעלנער וואָס האָט אים געפירט צום דערשיסן, פלינק אַרויסגעשלאָגן די ביקס פון דער האַנט און מיט איר אַנטלאָפן אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער? אָדער די העלדישקייט פון דער דאָקשיצער מאַמע, וואָס האָט גענומען אירע דריי טעכטער און מיט געהויבענע קעפּ אַנטקעגן געגאַנגען די מערדער?

איצט איז אַלץ פאַרענדיקט. נישטאָ מער קיין יידן אין שטעטל. בלויז אַ געשענדעטער בית־עולם, מיט דעם הייליקן גרוב פון וואַנען עס רופט דער לעצטער קרעכץ און דערשטיקטער געוויין פון אַלטע לייט, פרויען, קינדער: „פאַרגעסט נישט קיינמאָל, וואָס מיט אונדז איז געשען! טראָגט אין זיך שטענדיק אונדזער אָנדענק!".

אונדזער שטעטל דאָקשיץ האָט זיך ניט אונטערשיידעט פון די צענדליקער אַנדערע און ענלעכע ישובים אין דער סביבה. דער צענטער פון שטעטל — דער מאַרק — איז געווען דער עיקרדיקסטער מקור פון פרנסה. אויף דעם פּירעקיקן פּלאַץ איז געשטאַנען די קירכע מיט איר נידעריקן גלאָקן־טורעמל, וועלכער האָט בעתן צעקלונגען זיך אַרויס־גערופן אַן אומהיימלעך געפיל, אַפילו אַ מורא... אַנטקעגן דעם קלויסטער — דריי רייען קראָמען, איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, אַן 80 אין צאָל. די אייגנטימער פון די קראָמען האָט מען פאַררעכנט צום מיטלשטאַנד און זיי זענען פיל־וויניק געווען פאַרזיכערט מיט פרנסה.



כמה מבחורי דוקשיץ לפני גיוסם לצבא הפולני

עטלעכע דאָקשיצער יונגעלייט פאַרן „פריזיוו" אין דער פוילישער אַרמיי

די פיר וויכטיקסטע גאַסן, וועלכע האָבן פון מאַרק זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון פיר ערטער, האָבן געטראָגן אויך זייערע נעמען: פּאָלאָצקער, באָריסאָווער, דאָלהי־נאָווער, גלובאָקער. פון די גאַסן ווידער האָבן זיך אָפּגעצווייגט געסלעך און געסעלעך, וועלכע האָבן בדרך כלל זיך געענדיקט אויפן שול־הויף — אויך אַ פּירעקיקער פּלאַץ צווישן בית־המדרש און די שולן (שטיבלעך): סטאַראָשעלער, ליבאַוויצער, ליאָדער און

סלאָבאָדער. אַנטקעגן די אַלע בתי־תפילות האָבן זיך געפונען די וואַרשטאַטן פון דאָק־שיצער יידישע שניידערס, שוסטערס, קאַמאַשנמאַכערס, בלעכערס. די קליינע, בלאָטיקע געסלעך זענען געווען באַוווינט פון די בעלי־עגלות און קצבים. דאָ האָבן זיך געפונען די חדרים, ווו מלמדים האָבן געוועלטיקט מיטן קאַנטשיק, אָדער מער ליבעראַלע, וואָס האָבן באַשטראָפט דעם תלמיד מיט איבערשרייבן אָדער לערנען פון אויסנווייניק קאַפּיטלען תהילים, צי גאָר מחדש זיין די לבנה, אָדער דעם יהי רצון פון ראש־חודש בענטשן. פאַרשטייט זיך, אַז וואָס גרעסער דער „פאַרברעכן" — אַלץ גרעסער די „שטראָף". אַ פאַקט איז אָבער געווען, אַז די תלמידים פון די פאַרגעשריטענע מלמדים האָבן אַ סך בעסער געקענט ווי די „געשמיסענע".

דער טייל שטעטל, באַוווינט דורך עמך, פשוטע יידן, האָט אויך געצויגן זיין חיונה פונעם ביר־ברויז, צוויי מילן מיט אַ טאַרטאַק און די „פּאַדריאַדן" צו באַקן מצות יעדער ערב פסח. אַ נייעס איז געווען די מאַשין צו וועלגערן מצות, וועלכע מ'האָט באַוויגן מיט אַ האַנט־קאָרבע. אַזוי ווי קיין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זענען נישט געווען, האָט ניט געסטייעט פאַר אַלע פינף טויזנט איינוווינער אי באַשעפטיקונג, אי פרנסה. די אַ. ג. דעקלאַסירטע עלעמענטן, די אַרבעטלאָזע און פרנסהלאָזע, האָבן געזוכט אַ פאַרדינסטל אין קליינהאַנדל אויפן מאַרק צי אין די אַרומיקע דערפער, נישט קיין סך אין צאָל, ווייל מיר האָבן ניט וווינט — אַ 7־8 קילאָמעטער, געהאַט די סאָוויעטישע גרענעץ. בלויז אין דער ריכטונג צו גלובאָקי און דאָלהינאָוו האָט מען זיך געלאָזט זוכן פרנסה, וואָס צו די וויכטיקסטע פון זיי האָט געהערט דאָס אָפּדינגען סעדער און די צייטיקע פרוכט פאַרקויפן די הורט־סוחרים אָדער אַוועק לייגן אויף ווינטער. מיטן דאָרף איז אָנגעגאַנגען אַ האַנדל־אויסטויש, קויף־און־פאַרקויף פון תבואה, פלאַקס, אייער, עופות און גענדז, וועלכע מ'האָט געקויפט אין האַרבסט, זיי געהאַלטן און געפּאַשעט ביז חנוכה אויפן בוידעם, שטאַל, קעמערל צי אַפילו אין פאָדערהויז, כדי אויסלאָזן שמאַלץ אויף פסח און דערביי געניסן פון די געשמאַקע לאַטקעס. פון די געשאָכטענע גענדז האָט מען געפליקט פעדערן פאַר פערענעס, קישנס און קישעלעך. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פאַר גראַשנס, אין די לאַנגע ווינטער־נעכט.

מיט דעם האָט זיך נאָך ניט אויסגעשעפּט דאָס צעטל פון באַשעפטיקונגען פון דאָקשיצער יידן. געווען ביי אונדז אויך שדכנים, מעקלערס, שמשים, חזנים, בעלי־תפילות, תהילים־זאָגערס, תכריכים־נייערס, באַנקעס־שטעלער, טוקערינס אין באָד און אין מקווה, קעכינס צו חתונות און וועטשערעס, סאַרוועריס, זאַכן־היטערס, פעקל־טרעגערס — און ניט קיין קליינע צאָל נדבה־קלויבערס. און איבער זיי אַלע — די גדלות פון עטלעכע שטעטלדיקע נגידים, אַפילו גבירים: וואַלד־סוחרים, הענדלער מיט פלאַקס, זריעות, מילנערס, שותפים צו סמאַלאַרניעס, קאָאָפּעראַטיוון, האָטעל־אייגנטימער, רעסטאָראַנען, געציילטע ערד־באַזיצערס, אָנגעשטעלטע ביי פריצים, די אייגנטימער פון ביר־

ברויז און עטלעכע גרויסע סוחרים, וועלכע האָבן נאָך באַקומען שטיצע פון זייערע קרובים אין אַמעריקע.

וואָס שייך דער שטיצע מעבר לים, איז געווען באַוווּסט, אַז כמעט אַ העלפט יידן פון שטעטל האָבן פון איר געניאָסן. פון דעסטוועגן איז דער רוב געווען פאַרנומען ביז איבערן קאָפּ מיט דאגות פרנסה און דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג איז ניט געווען אַזאַ געהויבענער. דעריבער האָבן יידן געשאַפן פאַרשידענע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען צו לינדערן די נויט פון נצרכים און גלייכצייטיק זיי מאָראַליש דערמוטיקן און שטיצן.

## בילדונג, דערציונג, קולטור

יידישע קינדער, וועלכע האָבן עטלעכע זמנים אָפּגעלערנט אין פאַרשידענע חדרים, האָבן סיי צוליבן אַבליגאַטאָרישן שול־געזעץ, ווי אויך צוליב דער אוממעגלעכקייט פון די עלטערן צו צאָלן שכר־לימוד — אָנגעהויבן, פון 7 יאָר אָן, צו לערנען אין דער פוילישער מלוכהשער פאָלקס־שול („פּאַווּשעכנע"). דער לערן־פּראָגראַם אירער, און דער אַנטיסעמיטישער גייסט וואָס האָט דאָרט געהערשט, האָבן באַוויגן אַ סך יידישע עלטערן ניט שיקן אַהין זייערע קינדער. אויך די קהילה האָט אָנגעהויבן ערנסט טראַכטן וועגן אַן אייגענער, יידישער שול פאַר יידישע קינדער. נאָך פיל וואַנדונגען קיין אַמעריקע און באַקומען פון דאָרטן הילף, איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אין דאָקשיץ אַ „תרבות"־שול. דאָס איז געשען אין יאָר 25—1924. די שול האָט זיך פּאַמעלעך אַנטוויקלט. ניט געקוקט אויף די באַגרענעצטע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, אויפגעשטעלט זעקס קלאַסן, ווו ס׳האָבן געלערנט אַ 150 שילערס. אַזוי ווי אין שול־קאָמיטעט זענען געווען פאַרטראָטן פאַרשטייער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז דער לערן־פּראָגראַם אין דער תרבות־שול געווען אַן אַלזייטיקער און אַרומגענומען אויך לימודים פון פויליש, רעליגיע און אַנד. אין דער דאָזיקער שול האָט זיך אויסגעפּיקט אַ קאַדער יונגע טוערס און אַקטיוויסטן פאַר די ציוניסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל.

די בונדישע און יידישיסטישע עלעמענטן האָבן מיט גרויס מי אויפגעשטעלט אַ יידישע פאָלקס־שול, ווו די לערערס, אַרבעטנדיק דאָרט פאַר אַ הונגער־לוין, האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך אידעאַליזם און טריישאַפט. ביידע ריכטונגען — די ציוניסטיש־העברעיסטישע און די בונדיש־יידישיסטישע, האָבן אויך געהאַט זייער השפעה אויף די שילערס פון דער פוילישער שול, וועלכע זענען ניט אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון דער יידישער סביבה און געגעבן זייער צושטייער דער לעבעדיקער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט.

כדי צו זיכערן די עקזיסטענץ פון די שולן, וועלכע האָבן כסדר זיך געפונען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע, זענען געשאַפן געוואָרן דראַמאַטישע קרייזן, וואָס אויסער

דער גייסטיקער באַפרידיקונג פון די געלונגענע פאָרשטעלונגען, האָבן זיי אויך באַריי־
כערט די קאַסעס פון די שולן.

אַ וויכטיקן שטויס צו דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, האָט געגעבן
די ביבליאָטעק.

## דער גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער צענטער — די ביבליאָטעק

„האַלט ריין דאָס בוך, רייס עס ניט — ווייל ס'איז אַן אייגנטום פון כלל"! אַזוי איז
יעדער בוך אין דער דאָקשיצער יידישער ביבליאָטעק געווען אָפּגעסטעמפּלט אויפן טאָוול.
די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן נאָכן פאַרענדיקן איינע פון די פאָלקס־שולן, געלעכצט נאָך
וויסן און געוואָלט ווייטער זיך לערנען, איז די פאָלקס־ביבליאָטעק געווען פאַר זיי די
איינציקע „הויכשול". בלויז געציילטע בחורים פון פאַרמעגלעכע היימען האָבן געהאַט
אַ מעגלעכקייט ממשיך צו זיין אין גימנאַזיע אין ווילנע, אַ 3־4 זענען אַפילו געפאָרן
קיין פראַנקרייך שטודירן, בעת דער רוב יוגנטלעכע האָט גענאָסן פון דער ביבליאָטעק,




**פעילי הסניף „אחדות ותחייה" (1917) * אַקטיוויסטן פון „אחדות ותחייה" (1917)**

וועלכע האָט באַזיצט אַ רייכן אויסוואַל פון בעסערע ביכער פון דער יידישער און
אַלגעמיינער ליטעראַטור. אויך די פּאָפּולערע אויסגאַבן פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק"
האָבן געגעבן דער יוגנט אַן אימפּולס צו טראַכטן, דיסקוטירן און באַהאַנדלען די ווערק
פון די קלאַסיקער און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

אויך די ביבליאָטעקאַרן, ווי די לערערס אין די שולן, זענען געווען בלב ובנפש איבערגעגעבן זייער אַרבעט. אין די קאַלטע ווינטער־נעכט פלעגן זיי אין דער אומבאַ־הייצטער ביבליאָטעק פאַרטיילן די ביכער מדריך זיין דעם לייענער־אָנפאַנגער און באַמיט זיך פאַר יעדן צוקלויבן אַ פּאַסיקן ספר. אויך די ביבליאָטעק האָט זיך געראַנגלט פאַר איר מאַטעריעלן קיום, ווייל דער מיטגלידס־אָפּצאָל האָט ווייט ניט געדעקט אַלע הצטרכותן. פלעגט מען אַדורכפירן אַקציעס, אונטערנעמונגען און פאַרשטעלונגען. ווידער זענען די זעלבע אידעאַליסטן געווען פאַרנומען ביז איבערן קאָפּ ביים אַדורכפירן די אַלע אימפּרעזן.

די השפּעה פון דער ביבליאָטעק אויף דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט האָט ניט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. די פאַרשידענע פּאַרטייאישע אידעאָלאָגיעס און שטרע־מונגען, וועלכע זענען געקומען פון דרויסן, האָבן מיט דער הילף פון די ביכער אין דער „פאָלקס־ביבליאָטעק" דערפירט דערצו, אַז אין דאָקשיץ זענען אַנטשטאַנען די אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געווירקט אין פּוילן. אונדזער יוגנט האָט זיך באַ־האָפטן מיטן השומר הצעיר, החלוץ, פּועלי־ציון, החלוץ הצעיר, קאָמוניסטן, שפּעטער — רעוויזיאָניסטן און בית"ר.

די קעסטל־אָוונטן, רעפעראַטן און דיסקוסיעס אין גאַס און אין שטוב האָבן באַוויזן די פּאָליטישע וואַכזאַמקייט און אידעישע אָנגעלאָדנקייט פון דער יוגנט. עס ווערן דורכ־געפירט זאַמל־אַקציעס פאַר ציוניסטישע צוועקן, באַזונדערס פאַרן קרן קיימת, קרן עלייה און באַזאַרן. וועגן ליטעראַרישע אָוונטן און פאַרשטעלונגען — איז דאָך אָפּגערעדט.

די ערשטע חלוצים פאָרן אַרויס אויף הכשרה. איבער די דאָקשיצער גאַסן מאַרשירן אָפט אַדורך, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, מונדירטע און סקויטישע יוגנט פון השומר הצעיר, בית"ר, החלוץ. די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע יוגנט פירט איר קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט. די קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן צווישן דער ציוניסטישער און אַנטי־ציוניסטישער יוגנט ווערן אַלץ אָפטער. ווען איין טייל האָט געזאַמלט פאַרן קרן קיימת, האָט דער צווייטער טייל פאַרלאַנגט אַ באַשטייערונג פאַרן מאָפּ"ר (הילף די פּאָליטישע אַרעסטירטע). אין שטעטל באַווייזט זיך אומלעגאַלע ליטעראַטור און פון צייט צו צייט — אַ רויטע פאָן אויפגעהאָנגען אויף די טעלעפאָן־דראָטן. מען הייבט אויך אָן שוואַרצן די גרענעץ קיין רוסלאַנד, הגם דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך, אַ סך געפאַרן. פאַראַן אָבער אַזעלכע, וואָס זענען זוכה עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָדער ווינציקסטנס פאָרן אויף הכשרה.

קלאָר, אַז דער אידעישער געראַנגל איז אויך געווען אַ פּועל־יוצא פון דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען די יידישע באַפעלקערונג, בפרט די יוגנט. די אַרבעטלאָזיקייט איז געווען גרויס, ניט תמיד איז געווען עסן צו דער

זעט. אויך קראַנקייטן זענען געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין ידישע היימען. כדי לינדערן די נויט, איז געשאַפן געוואָרן די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע „משמרת חולים".

**הילף פאַר קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע**

„משמרת חולים" איז געווען די איינציקע אינסטיטוציע, אַרום וועלכער עס האָבן זיך גרופּירט די גרעסטע פּאָליטישע קעגנער, צענדליקער יוגנטלעכע האָבן זיך געשטעלט פרייוויליק איר צו העלפן. די ניי־געשאַפענע אינסטיטוציע האָט דאָך קודם כל באַדינט



ועד הבאנק * די פאַרוואַלטונג פון באַנק

די אָרעמע באַפעלקערונג און בעת אַ קראַנקייט פון אַ קינד, אָדער פון אַלטן טאַטן, איז די מעדיצינישע הילף מצד „משמרת חולים" געווען אַ גרויסע טרייסט, דערמוטיקונג און ממשותדיקע שטיצע פאַר דער משפחה, וועלכע האָט געלעבט אין דחקות און נויט. אַרויסרופן אַ דאָקטאָר, אָדער קויפן אַ טייערע רעצעפּט, איז פאַר אַזעלכע יידן געווען פּשוט אַן אוממעגלעכע זאַך. דעריבער האָט „משמרת חולים" פרייוויליק גענומען אויף זיך די דאָזיקע לאַסט.

אויסער דעם האָט די אינסטיטוציע באַזאָרגט דעם קראַנקן מיט אַ „וואַרטע" פון צוויי מענטשן, בדרך כלל אַ בחור מיט אַ מיידל, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען אָפּצו־היטן און אַדורכפירן די אָנווייזונגען פונעם דאָקטאָר. זיי זענען געזעסן ביים קראַנקן אין

שטוב, אים דערמוטיקט און באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן. די פאַרוואַלטונג האָט אויך באַזאָרגט דעם קראַנקן מיט אַ טעפּל קאָמפּאָט, איינגעמאַכטס און פאַרשידענע וואַרע־ניעס, וועלכע מ האָט זומער פאַרגרייט פון יאַגדעס, פרוכטן און מאַלינעס. אויסער דעם האָט „משמרת חולים" אויסגעליען פאַרשידענע כלים פאַרן קראַנקן, ווי אַ טערמאָמעטער, באַנקעס, קליזמע אדג"ל.

די דאָזיקע הילף האָט געפאָדערט איר בודזשעט. דעריבער האָט מען אָרגאַניזירט אָפטע אַקציעס, אימפּרעזעס און אונטערנעמונגען. די ידישע באַפעלקערונג האָט זייער פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט די טעטיקייט פון דער חברה און זי געשטיצט מיט אַלע כוחות. די וויכטיקסטע הכנסות זענען געקומען פון פאַרשטעלונגען מיטן אָנטייל פון אָרטיקע טאַלענטירטע כוחות, סיי אויפן דראַמאַטישן געביט, ווי אויך זינגער, מוזיקער אאַז"וו. די פאַרשטעלונגען האָבן תמיד געהאַט גרויס דערפאָלג און אויסער דער הילף פאַר „משמרת חולים", האָבן זיי אויך אַריינגעבראַכט אין שטעטל אַ סך לעבעדיקייט, קולטור־אַקטיוויטעט און גלייכצייטיק אַנטוויקלט יונגע בינע־טאַלאַנטן.

איך געדענק אַ פאַל, אַז צוליב אַ גאָר שווערער קראַנקייט, האָט מען דעם חולה ניט געטאָרט פירן אין שפּיטאָל קיין גלובאָקע. האָבן אַ 15—20 יידן זיך מתנדב געווען צו טראָגן דעם קראַנקן אויף אַ בעטל, אַ מרחק פון אַ 30 קילאָמעטער. „משמרת חולים" האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז אַ חולה מסוכן זאָל אָנקומען אין מלוכהשן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין גלובאָקי.

באַזונדערס אַקטיוו פאַר דער „משמרת חולים" איז געווען דער פרויען־קאָמיטעט — אַ ווױלטעטיקע גרופּע טוערינס, וועלכע האָבן אַ סך געלייסטעט פאַר דער אינסטיטוציע.

צו די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן אין שטעטל, האָט מען אויך געקאָנט פאַררעכענען די חברה גמילות חסדים, וועלכע האָט ערטיילט אָנפּראָצענטיקע הלוואות די נויט־באַדערפטיקע סוחרים, קליינהענדלער און בעלי־מלאכות. דאַקעגן האָט די חברה קדישא געזאָרגט פאַרן געשטאָרבענעם דאָקשיצער ייד, אַז ער זאָל לויטן דין געבראַכט ווערן צו קבר ישראל.

### „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע" און זעלבשוץ

איינע פון די עלטסטע און וויכטיקסטע אינסטיטוציעס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די פייערלעשער־קאָמאַנדע, באַקאַנט אונטער איר פּאָפּולערן נאָמען „די פּאָזשאַרנע", וועלכע האָבן געהאַט אַ סך באַשעפטיקונג ביים פאַרלעשן שריפות. אין אַזאַ שטעטל ווי דאָקשיץ האָט מען אָפט געהערט קלינגען דעם אַלאַרם - גלאָק און די אויסגע־שרייען פון צעשראָקענע מענטשן „עס ברענט! עס ברענט!". דער רוב הייזער און בנינים זענען געווען פון האָלץ, דערצו נאָך — צונויפגעדרענגט אין ענגע, שמאָלע געסלעך. אויך די טויערן און אַריינגענג זענען געווען פון האָלץ. אויף די

ביידעמער האָט מען געהאַדעוועט גענדז און כדי זיי „פאַרלענגערן" דעם טאָג, זיי זאָלן מערער עסן, האָט מען דאָרט געלאָזט ברענען נאַפט־לאָמפּן, אָדער לאַמטערנס, װעלכע האָבן ניט איין מאָל אַרויסגערופן אַ שריפה. די ווינטער־עפּל האָט מען געהאַלטן אין קעלער, געפּאַקט אין שטרוי — אַ גאָר לייכט ברען־אַרטיקל. די אָנגעהייצטע אויוונס, די אָנגעגליטע קיכן זענען געווען אָפטע סיבות פאַר אַ פייער־אויסברוך, וואָס האָט פאַרלענדט אַ סך הייזער. אַ פונק פון קוימען איז גענוג געווען, אַז אַ גאַנצע גאַס זאָל אַוועק אין פלאַמען און רויך.

דער עלטערער דור פלעגט אָפט דערציילן וועגן גרויסע שריפות אין שטעטל און אַפילו די היסטאָריע פון דאָקשיץ איז געווען איינגעטיילט לויט דער ערשטער, צווייטער און דריטער שריפה.

די דאָקשיצער „פאַזשאַרנע" איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער גמינע און רעגירונג, אָבער דער רוב פייערלעשער זענען געווען אַחינו בני ישראל. ערשטנס דערפאַר, ווייל אַ סך יידישע יוגנטלעכע האָבן ניט געהאַט וואָס צו טאָן און זיי האָבן געקאָנט אַ סך צייט אַוועקגעבן אויף איבונגען. אויסער דעם זענען דער רוב שריפות אויסגעבראָכן אין יידישע הייזער און, ווי געזאָגט, פאַרניכטעט פיל שכנותדיקע בנינים,



מכבי אש בדוקשיץ * די „פאַזשאַרנע קאָמאַנדע" (פייערלעשער) אין דאָקשיץ

צוליב דער ענגשאַפט. אין דער פּוילישער געגנט פון שטעטל, איז איין הויז פון צווייטן געווען אָפּגערוקט און דאָס פייער האָט געקענט לאָקאַליזירט ווערן.

ביי אַ הונדערט יידישע יונגעלייט האָבן געהערט צו די „פּאַזשאַרנע" — און אויסער זייער אייגנטלעכער אויפגאַבע, האָבן זיי אויך געהאַלטן אָרדענונג אויף יידישע פייערונגען און אונטערנעמונגען. נאָר אַמיינסטן שטאָלץ און זיכער איז געווען די יידישע באַפעלקערונג מיט אירע פייערלעשער אין זכות פון זייער פּאַרוואַנדלען זיך אין אַ... זעלבשוץ, ווען כוליגאַנישע זעלנער, צי סתם אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמשטשי־קעס, האָבן זיך געוואָלט פריילעך מאַכן איבער דער יידישער באַפעלקערונג. ווי נאָר יידן האָבן דערשמעקט אַ געפאַר פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען, האָט מען גענומען קלינגען אינעם אַלאַרם־גלאָק פון די פייערלעשער און אונדזערע בחורים, באַוואָפנט מיט העקלעך, אָנגעטאָן אין זייערע מעשענע העלמען און פּאַזשאַרנע מונדירן, גוט אויסמושטרירטע און דיסציפּלינירטע, האָבן אָנגעלערנט די כוליגאַנעס, שנעל זיי פאַר־טריבן, נאָך אײדער זיי האָבן באַוויזן אָנצוטאָן שאָדן די יידן.

ביי דער געלעגנהייט — עטלעכע ווערטער וועגן די יידיש־קריסטלעכע באַציונגען אין שטעטל. אין אַ. ג. נאָרמאַלע צייטן, האָבן ביידע פעלקער געלעבט אין גוט־שכנות־דיקע באַציונגען און זעלטן ווען זענען אויסגעבראָכן קאָנפליקטן. דאַקעגן אין קריזיס־צייטן, האָבן די פּאָליאַקן און ווייסרוסן ניט איין מאָל גורם געווען צו צוזאַמענשטויסן מיט יידן. אָבער אונדזער זעלבשוץ האָט ניט געלאָזט די אַנטיסעמיטן צופיל הוליען...

## אָפּרו, פאַרברענג און פאַרוויילונג

דאָס בילד פון דער יידישער דאָקשיץ וואָלט ניט געווען קיין פולקאָמס, אויב ניט שילדערן אויך די ערטער פון אָפּרו, פאַרברענג און פאַרווײלונג.

עטלעכע קילאָמעטער מזרחדיק פון שטעטל, האָט זיך געפונען דער סוויסטאָפּאָלער וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגן ביז דער סאָוויעטישער גרענעץ. דאָס אָרט איז יעדער שבת און יום־טוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־צוזאַמענטרעף. יונג און אַלט זענען אַהער זיך צונויפגעקומען אָפּרוען און פאַרברענגען די פרייע צייט. די לופט איז דאָ געווען מחיהדיק פריש און אין די הייסע זומער־טעג האָט שטענדיק געבלאָזן אַ קיל ווינטל. בעת די יוגנט האָט אויף ספּעציעלע פּלעצער און פּאָלאַנעס געטאַנצט, געשפּילט זיך, געזונגען — האָבן די עלטערע זיך אָוועקגעלייגט אין שאָטן פון די ביימער, לייענענ־דיק אַ בוך, אַ צייטונג, אָדער כאַפּן אַ שמועס. פון אַנדערע ערטער האָט זיך געהערט דאָס שפּילן פון אַ מאַנדאָלינע, צי גיטאַרע.

עס האָט אויך ניט געפעלט קיין פוטבאָל־שפּיל. די יוגנט, וועלכע האָט געהערט צו די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, האָט אין סוויסטאָפּאָלער וואַלד אָפּגעהאַלטן אירע אַסיפות, קרייזלעך, צוזאַמענטרעפן. די קאָמוניסטיש־געשטימטע יוגנטלעכע האָבן זיך גאָר פאַר־

שטעקט אין אַ פֿאַרבאָרגן ווינקל און דאָרט געפֿירט זייער קרייזל. אין יענע שטילע מקומות האָבן אָפֿט פֿאַרבלאָנדזשעט יונגע, פֿאַרליבטע פּאָרלעך...

צו צוויי נאָענטעביימער האָט מען צוגעבונדן אַ האַמאַק און געוויגט זיך אין אים — ביזן איינדרימלען. מאַמעס האָבן געפֿירט אַהין אויף שפּאַציר זייער קליינוואַרג — און דער וואַלד איז אין אַזאַ נאָכמיטאָג פֿול געווען מיט פֿרייד און גענוס.

אין שטעטל גופֿא זענען געווען עטלעכע פּרוכטן־סעדער, דאָס אייגנטום פֿון אָרטיקן גלח, וועלכע האָט זיי אַרענדירט צו ייִדן. אַ שבת נאָכן טשאָלנט פֿלעגט מען זיך אַוועק־לאָזן אין די דאָזיקע סעדער און דאָ זיך אָפּרוען פֿון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט און פֿון יאָגן זיך נאָך פּרנסה. אויך דער גוטבאַזיצער מיקולסקי האָט פֿאַרדונגען זיינע סעדער צו ייִדישע סאַדאָווניקעס. אויסער דעם אָפּרו, איז מען געקומען אַהער קויפֿן קאַרשן, עפּל, באַרנעס. ליגנדיק אויף דעם גראָז, האָט מען גערעדט מכּוח פּאָליטיק, שטעטלדיקע נייעס, מ׳האָט אויך געפֿירט ראָמאַנען, באַשטימט זמן חתונות און פֿאַרנומען זיך מיט... רכילות.

קלענערע גרופּן יוגנט פֿלעגט זיך אויך לאָזן שפּאַצירן צווישן די „בלימעלעך”, וועלכע האָבן זיך געצויגן פֿון ביידע זייטן גלובאָקער און דאָלהינאָווער וועגן. דאָס אָרט איז באַזונדערס גוט געווען צום שפּאַצירן פֿאַר יונגע, פֿאַרליבטע פּאָרלעך און די ביימער אויפֿן שאָסיי וואָלטן געקאָנט אַ סך דערציילן...



מייסדי מכבי אש בעיירה * די גרינדערס פֿון די פֿייערלעשער אין שטעטל

אויך דער לאַפּוטער טייך, דער פּאַדאַמכער הויד־וויג, ווי דער „בולוואַר" אַרום דער רוסישער צערקווע, טאַראַסעוויטשעס געסלעך — זענען קיינמאָל ניט געווען ליידיק פון דער שפּאַצירנדיקער יוגנט.

ביז ס׳איז געקומען דער מלאך־המוות אין געשטאַלט פון די היטלעריסטישע רוצחים און זייערע העלפערס — און אַלץ חרוב געמאַכט...

## גלגולים פון אַ סאַמאָוואַר

פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל דאָ נישט דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון אונדזער סאַמאָוואַר. דערצו וואָלט איך געדאַרפט אָנהייבן פון בראשית, ווען די ערד איז אַנט־שטאַנען און ס׳האָבן זיך געשאַפן בערג און אָקעאַנען, מיט ווולקאַנען, ערד־ציטערנישן, אויפרייסן, כעמישע פונאַנדערגלידערונג, גאַזן, צוזאַמענשמעלצונגען, שיכטן מיט פאַר־שידענע מעטאַל־אַרצן, קופּער־גרובנס, דערנאָך שמעלץ־אויוונס מיט גיסערייען, פאַב־ריקן, און צום סוף — — — דער טולער סאַמאָוואַרנער זאַוואָד, וואָס האָט געהערט צו דער ריזיקער צאַרישער אימפּעריע פון ניקאָליי דעם צווייטן.

עס וועט געננוג זיין, גלויב איך, אַז כ׳וועל אָנהייבן פון מיין זיידנס חתונה. פאַר וואָס פונעם זיידנס ? ווייל יעדער בר־דעה פאַרשטייט, אַז ווו ס׳איז געווען אַ זיידע — איז אַוודאי געווען אַ באָבע אויך.

איך דערמאָן דעם זיידן עליו השלום, ווייל ער איז געווען אַן אמתער בעל דבר, אַ ייד אַ למדן, מיט באָרד און פּיאות און מיט אַ טלית־קטן ביז איבער די קני, דערצו : אַ שוחט, אַ בעל־תפילה, אַ מוהל און אויך אַ מלמד. געהייסן האָט ער ר׳ צבי־הירש, וואָס איך אַליין טראָג זיין הייליקן נאָמען.

אַז איר ווייסט שוין ווער מיין זיידע איז געווען, קענט איר זיך פאַרשטעלן, וואָס פאַר אַ חתונה מען האָט פאַר זיי אָפּגעשפּילט.

אין יענע אַלטע צייטן איז אַזאַ סאָרט חתונה פאָרגעקומען אין דער גרויסער שול — רויק, געלאַסן, מיט דרך־ארץ, מיט כלי־זמרים, מיט אַ רב און מיט אַ בדחן, אַ שמש, אַ סאַרווער און אַ קעכין. און אַלץ איז געווען אויסגעפּולט מיט אַלע הידורים : אַ קנין, מיט אַ קבלת־פּנים, מיט אַ באַדעקנס, מיט באַזעצן די כלה, מיט גראַטולאַציעס, מיט אַ חופּה, מיט אונטערפירער, מיט הבדלות און ליכט, מיט אַ מסדר קידושין און שבע־ברכות, מיט אַ הריי־את ווו עס דאַרף צו זיין, מיט אַ חופּה־ווערטשערע מיט דעם חתנס קיטקע און שמעקעדיקע פיש און פלייש, רייזענע קאַשע מיט יויך, מיט קימעלעך און קאָמפּאָט, און דערצו אַ שיינער לחיים מיט אַ קידוש און ברכות, מיט ווינטשעוואַניעס און דער עיקר־העיקרים — דרשה־געשאַנק !...

באַלד איז אויפגעשטאַנען דער בדחן, אָפּגעווישט די ליפּן, פאַרדרייט די וואָנצן, צעקעמט מיט די פינגער דאָס געלע שיטערע בערדל, אָפּגעשפּיליעט דעם סורטוק, מיט

הנאה געגעבן זיך אַ גלעט איבערן בייכל און מיט אַ חזנישער שטימע גענומען אויסלייענען אַ היפּשן צעטל בעל־יחוסדיקע מחותנים פון חתנס צד און סתם מחותנים פון ביידע צדדים. און אַלץ אויסגעשטעלט אַזוי קונציק — לויטן שטאַם, לויטן יחוס, מיט אַלע טיטלען, דערצו נאָך אין גראַמען, ווי ס'איז אָנגעמאָסטן פאַר אַן אמתן טאַלאַנטפולן בדחן, וואָס איז טאַקע אַליין אויך געווען דער שדכן: הלמדן השוחט הנגיד ר' ליפּע מיט זיין טייערער פלוניתטע כיענע־שרה־ציפּע; הגביר הגבאי פון חברה קדישא מיט זיין אשת־חיל ברכה סטישע; רב שלום, דער למדן און דיין מיט זיין זוגתטע שאָסיע־חיה; הנגיד בערקע דער בשמים־הענדלער מיט זיין קאַנאַריקל גרוניע־מערקע פון חתנס צד; הבקי בתורה המלמד ר' דוד זישע און זיין צווייטע ווייבל דאָבע־מוסיע; הגביר המופלג והנדבן ר' יעקב־יאָשע מיט זיין געבענטשטער יונגער בריה יענטע־דוואָשע — פון דעם יונגן פּאָרל העשל און שרהל פון כלהס צד. און פון אַלע איבעריקע מחותנים זלמן און חאַשיע, נחום און באַשע, שמערל און קיילע, יצחק און ביילע — און אַזוי איז עס געגאַנגען אָן אויפהער: חיים און ברוך, און זרח, און משה, און כאַשע און באַשע, און בערעלע און פּערעלע, און די מומע גנעסיע און די אַלמנה פּיגע פּעסיע, און זרח־קלמן דער אַלמן, האָבן זיך צונויפגעלייגט בפרהסיה, נישט געזשאַלעוועט קיין געלט, ווייל חי — איינמאָל לעבט מען אויף דער וועלט....

און מיט פיל ברכות, אַז דאָס יונגע פּאָרל זאָל לעבן אין עושר און כבוד ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, זאָלן נישט וויסן פון קיין צרות, אָרעמקייט און געפאַר, שענקען אַלע במתנה בשותפות אַ שפּאָגל נייעם קופּערנעם סאַמאָוואַר!!! און מען בעט דעם עולם נישט זיצן ווי קיין גולם, אויפהייבן די נעזער, אָנגיסן די גלעזער, און עס זאָלן זיין שמחות ביי יידן, טאַקע מאַכן אַ לחיים, צובייסן און זיין צופרידן!...

ווי עס טרעפט ביי יידן, נישט אַלע גוטע ווונטשן ווערן דערפילט, נישט אַלע ברכות ווערן מקויים, ווייל דער רבונו־של־עולם צעטיילט זיין „סחורה" אָן גאַראַנטיעס. האָט טאַקע אויך דאָס יונגע פּאָרל, דאָס הייסט מיין זיידע ר' צבי־הערש און מיין באָבע שרה־רבקה, טראָץ אַלע פייערדיקע ווינטשעוואַניעס, קיין שטאַרק גליקלעך רייך לעבן נישט אָנגעהויבן. אַלע פינף פאַכן פון מיין זיידן האָבן צוזאַמען קוים אַריינגעבראַכט פּרנסה בדוחק.

פאַר וואָס? ערשטנס, אַ למדן: נו, אַז מען לערנט תורה, קריגט מען דערפאַר געצאָלט? עס גייט דאָך פּשוט גלייך אין באַנק פון בית־דין של מעלה אויף אַ קאָנטאָ פון עולם־הבא. צווייטנס, אַ מלמד. נו? דאַרף מען דאָך האָבן קנעלונג. און אַז מען האָט שוין עטלעכע ווילדע פאַרשוינדלעך, צאָלן שוין באַלד זייערע עלטערן שכר־לימוד, וואָס זאָל קלעקן אויסצוהאַלטן אַ פאַמיליע?

איצט אַ מוהל. איז וואָס טוט מען, אַז אויף להכעיס הייבן אָן דווקא געבוירן ווערן מיידלעך?...

נו, אַ בעל־תפילה איז דאָך סתם אַ זאַך פון יצר־הרע, אַ מין „האָבי" אַזאַ. עס ווילט זיך אַ מאָל אויסגיסן דאָס האַרץ פאַרן עמוד, איז עס אויך ווייט פון הכנסה.

בלייבט איבער אַ שוחט. איז טאַקע ביי יידן אַ שיינער פאַך, וואָס גיט כבוד און גדולה — אָבער נישט קיין געלט. ווייל אויפן האַלדז פון בעל־חי לעבט דאָך נישט נאָר דער שוחט, נאָר דער רב און דער גבאי, און דער דיין און דער שמש, און דער בעל־טאַקסע און דער פּרעזעס, און סתם גוטע און פרומע יידן, און עפּעס נעמט מען דאָך אַראָפּ אויף אַ מיקווה, און אויף אַ באָד און אויף א הקדש, און אויף א טהרה־שטיבל און אַז״וו.

איז טאָמער דער האַלדז פון אַ שור־הבור, אַזאַ מין ריזיקער אָקס — מילא: קען ער אפשר אויסהאַלטן. נאָר טאָמער איז עס אַ דאַר קעלבל, אַ מאָגער שעפּסל, אָדער גאָר אַן אַלטער באָק, איז פאַרשטענדלעך — אָן ציגענע התפּעלות. נאָר פון דעסטוועגן איז אויך שטאַרק ניטאָ וואָס צו זינדיקן. עס לעבן דאָך עפּעס אַ וועלט יידן. טאָ געזאָגט געוואָרן אויך אויף מיין באָבע־זיידע.

האָט טאַקע דער סאַמאָוואַר מיט זיין בייכיק נגידישן אויסזען, מיטן גרויסן שיינעם אויסגעשניצטן קראַן, אָנגעהויבן אויספילן זיינע פליכטן גאַנץ אינטענסיוו. וואָס אַ סאַמאָוואַר איז אין אַ יידישער שטוב, דאַרף איך אייך נישט זאָגן, ווייל אויסער טיי אין דער פרי און פאַרנאַכט, דערצו נאָך יום־טוב און שבת (אַז מען קריגט אַ שיקסל, זי זאָל אים קענען אָנשטעלן פאַר אַ שטיקל חלה). דאַרף ער קורץ נאָך דער חתונה באַלד צושטעלן הייס וואַסער אויף וואַשן ווינדעלעך מיט וויקעלעך, באָדן קינדערלעך, אָנפילן בוטעלעך און קאָמפּרעסעלעך, אויסבריען וואַנצן, אָפּבריען מאָן, וועש וואַשן און וואַרעם וואָסער אויף איינצומאַכן ברויט. און נאָך פיל זאַכן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט קימפּעטן, קימפּעטאָרינס, וואַנעס, היגיענע, טהרת המשפחה און טהרת המת רחמנא ליצלן, אַז״וו אַז״וו...

אַזוי האָט זיי לאַנגע יאָרן טריי באַדינט דער סאַמאָוואַר, אין שלעכטע און גוטע צייטן, מיט פרייד און צער, מיט שמחות, מיט אומגליקן, מיט געבוירן און דערציען קינדער, אַפילו זיי חתונה געמאַכט. און ווייל איינע פון זיי איז געווען מיין מאַמע, וועלכע איז געווען די מיזינקע אין שטוב, און זי האָט עס צוזאַמען מיט פינף הונדערט גאָלדענע רובל און חתונה־קליידער, אויך פאַרן טאַטן בייגעשטייערט אין נדן דעם סאַמאָוואַר, און אויב די אַלע אויבנדערמאָנטע געשיכטעס זענען צו מיר דערגאַנגען, ווי מען זאָגט, פון תורה שבבעל הפה — קומען די ווייטערדיקע פּאַסירונגען מיטן סאַמאָוואַר שוין אין ענגן קאָנטאַקט מיט מיר.

מיין פאָטער, אַ געבוירענער דאָרפס־ייד, קענענדיק גוט די „פּסיכאָלאָגיע" פון בעלי־חיים („אַז מען דערלאַנגט אין די ציינער, געפינט מען אין די ביינער"), האָט זיין נדן

איגוועסטירט אין אַ וואָלוניע, ד. ה. שטעלן אָקסן אויף „בראַהע". אַז זיי ווערן דיק, טרייבן זיי קיין דווינסק און פאַרדינען אַ פּאָר שיינע קערבלעך.

איז דאָך גאָט אַ פאָטער, איז געקומען פריער דער פינפטער יאָר. דערנאָך 1914, שפּעטער דאָס זיבנצנטע יאָר — און פאָניע „כראַפּ" איז געוואָרן אויס... פאַר די אָקסן האָט מען באַקומען עטלעכע זעקלעך דומסקע מיט קערענסקיס באַנקנאָטן, וועלכע האָבן געקענט נוצן אָנשטאָט ווייכע פּאַפּיר. דערפאַר האָט געגומען האָגלען מיט בליי און פייער, שפּריצן מיט קוילן — אַז מ'איז קוים מיט די נשמות צוריק געקומען פון מרדכי וועלוול דעם קירזשנערס קעלער, ווו מען פלעגט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר יעדער פּע־רעסטרעלקע, און געפונען די שטוב פּוסט און וויסט. די „העלדישע" פּוילישע לעגיאָנערן האָבן גיכער אין זינען געהאַט אָנצוראַבירן אין אַ יידישער שטוב, איידער אַריינכאַפּן אַ קויל פון אַ רויט־אַרמייער.

נאָר אַזוי ווי בשעת מלחמה איז אַזאַ גרויסער סאַמאָוואַר אַ שטערונג — האָט מען אים טאַקע אַוועק געוואָרפן. שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעזוכט אין אַ זייטיק געסל אַ ביסל אַ צעבויגענער. וואָס־זשע טוט מען אין אַזאַ צייט? קיין פליישיקס איז נישטאָ, קיין מילכיקס איז נישט בנמצא, איז דאָך טאַקע אַ לייזונג — אַ פאַרעוועע גלעזל טיי... אי, צו טיי דאַרף מען צוקער? ווער זאָגט עס, אַז סאַכאַרין איז שלעכט? איז טאַקע אָט די טיי מיט סאַכאַרין געווען מיין ערשט דערנערונג־מיטל. און פון דעמאָלט אָן, בין איך שוין געווען צוגעבונדן צום סאַמאָוואַר בלב ובנפש. ווער קען אַלץ באַשרייבן וואָס מיר האָבן צוזאַמען אַדורכגעמאַכט? וועל איך בלויז דערמאָנען עטלעכע קוריאָזן:

ווען אין שטוב האָבן זיך אַלע אַוועק געלייגט אויף טיפוס, האָט מען געדאַרפט גומענע פּענכערס אויף צוצולייגן אייז צום שטערן. די פּענכערס האָט מען געקענט באַקומען אַנטקעגן אַ משכון אין לינת־הצדק. האָט מען טאַקע געקענט זען מיך שפּאַנען אַהין מיטן סאַמאָוואַר. אַ צווייט מאָל, ווען מיין ברודער איז געלעגן אויף „קריוואָוקע" און באַקומען אַ „באַסאַן", האָב איך ווידער געבראַכט אַ משכון דעם סאַמאָוואַר. זעענדיק, ווי איך בין גוט פאַרשוויצט און מיד, האָט זיך צו מיר אָפּגערופן ר' יואל דער קורצער, דער פאַרוואַלטער פון דער חברה:

— ווייסטו וואָס זונעלע, צו וואָס דאַרפסטו יעדעס מאָל זיך שלעפּן מיטן סאַמאָ־וואַר? ברענג בלויז דעם קראַן פאַר אַ משכון. אָן אַ קראַן קאָן מען דאָך נישט אַריינטאָן קיין וואַסער — וועט איר זיך במילא דערמאָנען און צוריק ברענגען די כלים.

טאַקע אַ חכם אַ ייד.

פון דעמאָלט אָן, איז חדשים געשטאַנען אין שטוב דער סאַמאָוואַר אָן אַ קראַן, ווייל מען האָט כסדר געדאַרפט האָבן כלים. אויב נישט אַ פּענכער — איז אַ קליזמע, אַ צענדליק באַנקעס, אַ קליסטיר און נאָך חפצים, ווייל קיין קרענק האָט, ברוך השם, נישט אויסגעפעלט אין קיין יידישער שטוב. אַז איינער איז אויפגעשטאַנען פון פּאָקן —

האָט זיך אַ צווייטער געלייגט מיט מאָזלען, אַ דריטער מיט סקאַרלאַטין, אַנגינע אָדער גריפּע. און צו אַ לונגען־אָנצינדונג אָדער רעוומאַטיזם, איז דאָך כמעט יעדער געווען צוגעוווינט.

אַז מיין שוועסטערל איז קראַנק געוואָרן אויף דיפטעריט, איז מאָניע דער פעלדשער פון שטוב נישט אַרויס. ער האָט באַפוילן צו מאַכן פּאַרע. האָט דער סאַמאָוואַר ווידער אויפגעלעבט — כאָטש מיין שוועסטערל איז דערפון נישט ניצול געוואָרן, איז ער דאָך געוואָרן חשובער, טייערער. ער איז געווען ווי אַ סימבאָל, וואָס דערמאָנט פאַר־גאַנגענע גוטע טעג, ווען ער האָט געקאָכט און געזאָטן, געשפּריצט מיט פונקען, אַרום זענען געזעסן יידעס און פעטערס, מיט גרויסע שוואַרצע, געלע און גראָע בערד, מיט התלהבות מתווכח געווען וועגן אַ „שור שנגח את הפרה", אָדער „שניים אוחזין בטלית" אאַז"וו. שוויצנדיק אַזוי איבער די זודיקע גלעזער טיי, אַראָפּוואַרפנדיק די היטלען, פלעגט מען אין יאַרמולקעס, מיטן טלית־קטן, פאַרלייגן הענט אויף אַקסלען, פאַרזשמורען די אויגן, פאַררייסן די בערד, אַוועק אַ טענצל אונטער אַ פריילעכן חסידישן ניגון — צי נאָך אַ פּורימדיקער סעודה, אָדער שמחת־תורהדיקער וויעטשערע. נישט געדאַרפט האָט מען דעמאָלט קיין ראַדיאָ, קיין טעלעוויזיע, קיין פּיאַנאָס. יידן האָבן געהאַט אַנדערע מוזיק. עס האָט געפייפט דער דלות, געשפּילט דער מאָגן, געפּויקט אין קאָפּ — ווו נעמט מען אויף שבת?! אַז דער שבת פלעגט שוין זיין געמאַכט, נאָך אַ גוטן טשאָלנט מיט אַ קוגל, נאָך אַ פּאָרציע זמירות — פלעגט ווידער אַרויפקריכן דער סאַמאָוואַר אויפן טיש, אַרום וועלכן ס'האָבן זיך אַרומגעזעצט קרובים, שכנים, משפחה. וואָס קען דען זיין שענער, ווי אָפּבריען אַזעלכע געסט מיט אַ גלעזל טיי, דערצו נאָך מיט וואַרע־ניעס, (אין דער וואָכן האָט מען קיין וואַרעניעס נישט גענוצט, סיידן אַז עס פלעגט קומען אַ חתן זיך זען מיט אַ כלה, אָדער אַ מאַן פלעגט זיך אומקערן פון אַמעריקע מיט אַ שיינע פּאָר דאָלאַרן אין טאַש, אָדער אַ זון פלעגט באַפרייט ווערן פון פּריזיוו צוליב איין אויג, באַשעדיקט אויער אאַז"וו, אָדער אַ ייד פלעגט ניצול ווערן פון אַ גזילה, גניבה, אויסמיידן עפּעס אַן אומגליקס־פּאַל, גומל בענטשן).

אָבער אויך אין די לאַנגע אָוונטן פון די קאַלטע ווינטער־נעכט, ווען אין דרויסן איז אַ שניי, די זאַווערוכע קלאַפּט אין די לאָדנס, עס וואָיעט אין קוימען, דער פראָסט קנאַקט, די פענצטער זענען פאַרפרוירן — איז אין שטוב אויסגעהייצט, וואַרעם און אויפן טיש זידט דער סאַמאָוואַר. אַרום זיצן ווייבער, שכנטעס, וועלכע האָבן ליב געהאַט הערן ווי מיין עלטערע שוועסטער שרה ז"ל האָט זיך געוואָלט טיילן מיט דער הנאה פון לייענען אַ בוך. זי האָט געפלעגט פאָרלייענען קאַפּיטלען פון רוסישע אָדער יידישע קלאַסיקער. און שטעלט איך פאָר, ווי אָט די ווייבעלעך זיצן, טרינקענדיק אַ גלעזל טיי, הערן זיך צו צו אַזאַ געשיכטע ווי טוביה דער מילכיקער, ווען ער קערט זיך צוריק פון זיין גליקלעכער רייזע, נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעפירט דאָס פאַרבלאָנדזשעטע

מיידל פונעם יעהופעצער גביר צוריק קיין בויבעריק אויף דאַטשע; ווי מען שענקט אים אַ פולן וואָגן מיט כל טוב; ווי ער וועקט עס אויף זיין ווייב מיט די זיבן טעכטער, וועלכע לויפן פאַרשלאָפענע, מיט קיין עין־הרעדיקן אַפעטיט, צו די געבראָטענע גענדזע־לעך, די אינדיקלעך מיט די ענטעלעך, און פאַרבייסן מיט לעקעכלעך, טאָרטעלעך, איינגעמאַכטס און אַלע גוטע זאַכן. און דו זעסט, אַז די ווייבער חיותן זיך ממש, לעקן די ליפן, שלינגען דאָס שפּייעכץ, זיי פילן דעם טעם וואָס צעגייט זיך איבער אַלע אברים. עס שיינען די פּנימער, עס לייכטן די אויגן — אין דעם מאָמענט פּראַלט ווער אויף די טיר, אויפן שוועל באַוויזט זיך איינער פון די ווייבערס מענער, וועלוול קאַנאַ־רייקע. אַוועק שטעלנדיק אַ גרויסן חלאַדיש מילכיקע בוראַקעס מיט אַ האַלבן לעבל שוואַרצן ברויט, רופט ער זיך אָן צו דער פלוניתטע:

— נעם, עשקע־לעבן, בייס כאָטש עפּעס איבער, ווייל זיצנדיק אַזוי לאַנג, ביסטו דאָך אַוודאי פאַרחלשט געוואָרן...

אַזעלכע און ענלעכע קוריאָזן פלעגן אַרויסרופן האַרציקן געלעכטער — און דאָס גרויע לעבן האָט באַקומען אַ שטיקל חן.

וואַסער אין ברונעם איז שטענדיק געווען, מען האָט נאָר געדאַרפט נעמען דעם עמער מיטן קאָראָמיסל, צוגיין אַ 700—800 מעטער, צובינדן דעם עמער צום קייט פון „קאָלאָווראָטי״. כדי עס זאָל זיך אָנשעפּן פול, האָט מען צום עמער צוגעטשעפּעט אַן אַלטע האַק, אָדער קירקע, צי סתם אַן אייזערנע לאָפּאַטע אָדער וואָג, דערנאָך אַראָפּ־געלאָזן און געלאַסן אַרויף געדרייט דעם עמער, אַז דאָס וואַסער זאָל זיך נישט צעגיסן. דאָס געענדיקט, נעמט מען בײדע עמערס אויפן קאָראָמיסל, אָנגעהאָנגען אויפן רעכטן אַקסל, און — היידאַ!

נו, אָנשטעלן דעם סאַמאָוואַר איז דאָך גאָר קיין טירחה נישט: טוסט אויס די רעשאָטקע, נעמסט אַראָפּ דאָס דעקל, גיסט אַרייַן דאָס וואַסער, דעקסט עס צו און הייבסט אָן זוכן קוילן. וואָס איז אַזוינס קוילן? — אַ גרויסע זאַך!... אַלע וואָך הייצט מען אַ באָד, כמעט אַלע יאָר איז אַ שריפה אין שטעטל, אַלע חודש ניסן באַקט מען מצה אין די פּאָדריאַדן. אַז דאָס האָלץ איז טרוקן, דערצו נאָך בעראָזעווע, איז גאָר קיין פּראַגע, אַז עס בלייבן קוילן. טאָמער איז דאָס האָלץ נאַס און עס „פּאָפּיעלייעט״ אויס, איידער זיי ברענען זיך איין? איז אויך נישט קיין געפאַר! נעמט מען די האַק, מען שפּאַלט אָן קליינע שפּענדלעך, וועלכע קענען מיט דערפאָלג פאַרבייטן די קוילן. אַי, עס רויכערט אַ ביסל, מען דאַרף שטיין אַ צייט, כסדר צוּוואַרפן און אונטערבלאָזן? איז וואָס? וויפל געדויערט עס? אַ שעה־אָנדערטהאַלבן. דערפאַר אָבער, אַז ער פאַרזידט און עס נעמען זיך שלענגלען ווייסינקע שטראָמעלעך פרישע פּאַרע — איז דאָך פּאָרט אַ פאַרגעניגן.

דאָס פאַרגעניגן האָט מען מיר איבערגעגעבן גלייך נאָך בר־מצוה, ווייל די עלטערע

שוועסטער איז שוין געווען אַ כלה־מויד און מיין עלטערער ברודער וועלוול ז״ל איז שוין געווען אַ דעזערטיר פונעם פוילישן מיליטער (ער איז אַוועק קיין רוסלאַנד). די צווייטע שוועסטער שיינקע ז״ל האָט זיך באַגנוגנט מיטן שייערן, רייניקן און כשרן, כאָטש איך פלעג איר העלפן צוטראָגן ביזן באָד. נאָר אַריינגיין אינעווייניק, ווו ס׳האָט זיך געקאָכט דער גרויסער איינגעמויערטער קעסל, האָב איך נישט ליב געהאַט צוליב אַ קלייניקייט, ווייל דאָרט זענען כסדר אויך געשטאַנען דאָס גאַנצע קלאַפּער־געצייג פון דער חברה־קדישא: די מיטה, די ציבערס מיטן טהרה־ברעט, מיטן שוואַרצן צודעק און ווייסן אויפשריפט: „צדק לפניו יהלך וישים לדרך פעמיו״. כ׳ווייס אַלץ נישט פאַר וואָס, נאָר דאָרט האָט מיר נישט געשמעקט... בקיצור, אַז איך פלעג דערהערן עמעצן אַ זאָג טאָן אין שטוב, אפשר וואָלט געווען כדאַי אָנצושטעלן דעם סאַמאָוואַר — האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען מיך. ווייל קיין ייִנגערער פון מיר איז אין שטוב נישט געווען, האָב איך טאַקע דערפילט מיין פליכט מיט דער גרעסטער מייסטער־שאַפט, באַנוצנדיק זיך אַפילו מיט אַ שטיוול אויף אונטערצובלאָזן. אָבער דעם אמת געזאָגט, איז עס מיר דערעסן געוואָרן ווי אַ ביטערע ציבעלע.

פלוצלינג בין איך געהאָלפן געוואָרן: גראַבסקי איז געוואָרן פינאַנס־מיניסטער אין דער פוילישער רעגירונג. ווועט איר דאָך פרעגן: וואָס פאַר אַ שייכות האָט גראַבסקי צו אונדזער סאַמאָוואַר? ווועט איר באַלד הערן אַז ער האָט, נאָך ווי. ווייל אויב ביז אים האָבן ייִדן געצאָלט „נאַלאָגן״ (שטייערן) פאַר געשעפטן, האַנדל, קראָמען, אונטערנעמונ־גען אאַז״וו, איז גראַבסקי צוגעגאַנגען צום עסק, אַזוי צו זאָגן פון „סאָציאַל־פסיכאָלאָ־גישן״ שטאַנדפונקט: ס׳איז נישט יושרדיק, אַז בלויז פאַרמעגלעכע ייִדן זאָלן שטיצן פוילנס מלוכה־בודזשעט, נאָר מען דאַרף צעטיילן די שטייערן אַזוי, אַז אַלע אָן אויסנאם ייִדן זאָלן דערפילן, אַז זיי זענען עפּעס ווערט. ווייל טאָמער נישט, קענען זיי זיך חלילה באַליידיקן, זיך אויפהויבן און אַוועק קיין ארץ־ישראל. אַזאַ אומגליק פאַר פוילן האָט מען געמוזט אויסמיידן פאַר יעדן פּרייז. ווייל שטעלט זיך פאַר, ווי וואָלט דעמאָלט אויסגעזען פוילן אָן ייִדן? וואָס וואָלטן געטאָן די ענדעקעס? ווו וואָלטן זיי געשטעלט פּיקעטן, ווען עס וואָלט נישט געווען קיין ייִדישע קראָמען? וועמען וואָלטן די סטודענטן געקענט באַפאַלן? קעגן וועמען וואָלט געקענט אַרויסטרעטן מאַדאַם פּריסטאָראָוואַ? וואָס וואָלטן געטאָן די פּריצים אָן זייערע עצה־געבערס?

האָבן טאַקע אַ דאַנק גראַבסקין אָנגעהויבן שטראָמען אָן אַ צאָל פאַרשידענע נאַקאַזן אויף נאַלאָגן, מיט דערמאָנונגען, שטראָפן, פּראָצענטער און נאָך כלערליי שאר־ירקות. פאַרשטייט זיך, אַז קיין פּרנסה פאַר ייִדן איז דערפון נישט צוגעקומען, און בלא פּרנסה, האָט מען במחילה נישט געהאַט צו צאָלן. אַז מען האָט נישט געצאָלט, האָט זיך אָפטער גענומען באַווייזן דער סעקוועסטראַטאָר און נאָך מאָנונגען, דראָונגען און וידלערייען — לאָזן אַ פרישן צעטל אויף אַ פאָר זלאָטעס פאַר זיין „העפלעכן״ באַזוך.

אַזוי איז עס קיין עין־הרע געוואַקסן אַן טוי און אַן רעגן. אַז ס׳איז געווען קלאָר, אַז ער וועט אַזאַ סומע קיינמאָל נישט אויפמאַנען, פלעגט ער קומען מיט צוויי שקצים־געהילפן, אַפשרייבן אַלץ, וואָס האָט עפּעס אַ שטיקל ווערט און איבערגעגעבן די געהילפן, וועלכע האָבן מיט אַ נישט קליינעם פאַרגעניגן אַפּגעטראָגן די זאַכן אין שטאָט־ראַט, און פון דאָרט — אויף אַ ליציטאַציע.

אַ דאַנק אַזאַ „אַקציע", זענען מיר ענדלעך פּטור געוואָרן פון סאַמאָוואַר.

צו ערשט בין איך אַפילו אינערלעך געווען צופרידן, ווייל כ׳וועל פאַרשפּאָרן זיך עסקן מיטן סאַמאָוואַר. זאָגן, אַז מיר האָבן שטאַרק געליטן פון זיין אַפּוועזנהייט, קען איך אויך נישט. זיין פונקציע האָט באַלד געגומען אויספילן אַ פּשוטער ליימענער האַרליאַק, וועלכן די מוטער פלעגט אַן שום מי פאַררוקן ווייט אין אויוון. עס פלעגט טאַקע פון די טיי אונטערשמעקן אַ ביסל מיט ליים. אָבער מילא, ווער זענען מיר דען, ראָטשילדס פלימעניקעס, אָדער בראָדסקיס אייניקלעך?

ערגער איז געווען זיך צוצוקוקן צום פאָטער. אים האָט עס קענטיק שטאַרק גע־קרענקט. ער פלעגט אָפט וואַרפן אַ בליק אויפן אָרט ווו ס׳איז געשטאַנען דער סאַמאָ־וואַר און אַרויסלאָזן אַ שווערן זיפץ. ער האָט כמעט אויפגעהערט טרינקען טיי. וואָס איז אים דווקא אַזוי אַנגעגאַנגען דער סאַמאָוואַר? וועל איך נישט פונאַנדערוויקלען קיין פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. עפּעס האָט ער דאָך אין לעבן מער פאַרלוירן און, ברוך השם, איבערגעקומען.

מאַכט זיך אַמאָל, אַז איך גיי פון דער אַרבעט, נאָכן באַקומען אין טאַרטאַק מיין לוין. אַדורכגייענדיק דורכן מאַרק, ווילט זיך מיר קויפן אַ שטיקל מציאה לכבוד פּסח. איך קוק און שאַרע אין אַלע זייטן. פּלוצלינג דערזע איך אַ רעדל מיט מענטשן שטייען אַרום אַ וואָגן, צוגעשפּאַרט צום פּוילישן קאָאָפּעראַטיוו („ראָלניק"). איך דרענגעטער זיך און דערזע צווישן אַ גאַנצן פּעקל יידישע „חרחורים", ווי מעשענע שטייסלען, לייכ־טער, קופּערנע פאַנען, קענדלעך און אַנדערע, שטייט ווי אַ מלך אויף דער ליציטאַציע — אונדזער סאַמאָוואַר. נעבעך פאַרגרינט, אַפּגעלאָזן, פאַריינזאַמט. צו מיין שטוינונג, איז זיין פּרייז אַזוי געפאַלן, נאָר צו לאַכן. קלאָר, אַז ער האָט דורכגעמאַכט נישט קיין גרינגן וועג. מען האָט עס געקענט באַמערקן פון די צעבויגענע זייטן און אָפּגעריבנקייט. עס האָט זיך אים נעבעך אויסגעדרייט אַ פּיסל, צעשפּאָלטן אַ הילצערן הענטל. פון דעסט־וועגן — אַזאַ סאַמאָוואַר, וואָס איז געווען אָפּגעשריבן פאַר אַ היפּשע סומע פון דרייסיק אָדער צוואַנציק זלאָטעס — ווערט איצט פאַרקויפט פאַר פיר זלאָטעס...

וואָס איז דער ווונדער? יידן האָבן דאָך פון קיין ליציטאַציעס נישט געקויפט. עפּעס ביי זיי אַזאַ מין פּירונג. נו, און גויים? וועלן פאַרבייטן זייערע בולבענע בלינעס מיטן הייס צעלאָזטן חזיר־שמאַלץ אויף אַ גלאָז טיי? אַז טרינקען קען מען סאַמאָהאָנקע! און צו דעם דאַרף מען ניט קיין סאַמאָוואַר.

בקיצור, איך האָב מיט ציטערדיקע הענט אָפּגעציילט די פיר פּוילישע זלאָטעס און אַ צופרידענער אַוועק אַ היים.

איבעריק צו שילדערן דעם וואַרעמען קבלת־פּנים, וועלכער האָט אונדז באַגעגנט אין שטוב. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז ער שוין אַן אויסגעריייניקטער, אויסגעכשרטער, בלאַנקענדיקער — צוריק פאַרנומען זיך אָנגעזעענעם אויבנאָן. ער האָט ווידער פריילעך געזאָטן און געזשורזשעט, דער פאָטער האָט פאַר זיין קרייז נאָענטע און גוטע פריינד, ווידער געצאַפּט אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז און געקוקט אויף דעם סאַמאָוואַר ווי אַ סימבאָל פון באַפרייונג און דערלייזונג.

ווידער האָבן מיר פאַרגעזעצט אונדזער זיגזאַג־פולן, ערלעכן און שווערלעכן לעבן. דאָ וויל איך פאַרענדיקן מיין דערציילונג. נישט דערפאַר, וואָס אַלץ האָט זיך געענ־דיקט, ס'איז נישטאָ מער וואָס צו דערציילן וועגן סאַמאָוואַר. מיט יעדן יאָר, וואָס ער האָט זיך געעלטערט, זענען פאַרגעקומען וויכטיקע געשעענישן. נאָר יעדע געשיכטע מוז האָבן אַ סוף. און דער סוף איז צום באַדויערן אַ שווערער און טרויעריקער.

ווען איך האָב נאָכן נאַציישן גהינום זיך צוריק געקערט אין מיין שטעטל, און בין אַ פאַרצווייפלטער געשטאַנען ביים מיט בוריאַן פאַרוואַקסענעם בערגל ערד, וואָס איז אַ מאָל געווען מיין היים, האָב איך דערהערט די שטימע פון אונדזער קעגנאיבערדיקן קריסטלעכן שכן. ער האָט מיך איינגעלאַדן אַריינקומען צו אים אין שטוב.

ווי נאָר איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל, האָט פון אונטערן בילד פון דער הייליקער מאַדאָנע, פאַרבלענדעט מיר די אויגן — — — אונדזער סאַמאָוואַר, דער קופּער־נער סאַמאָוואַר. דער קריסט, זעענדיק, אַז איך בין געבליבן שטיין געפּלעפט, האָט שטאַמלענדיק גענומען זיך ווי פאַרענטפערן:

— דאָס איז אייער סאַמאָוואַר, זעסטו? אַז די שוועסטער איז געווען אין געטאָ מיט אירע קליינע צוויי קינדער, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן דערשאָסן איר מאַן, האָב איך איר אַ פּאָר מאָל צוגעטראָגן אַ ביסל מילך. זי האָט מיר דעמאָלט אָפּגעגעבן דעם סאַמאָוואַר, און דערביי געזאָגט: נעם אים אַלס אָנדענק. מיר וועלן עס שוין קיין מאָל נישט דאַרפן. — און ער האָט צוגעגעבן: — אויב דו ווילסט, נעם אים צו!

— ניין, טייערער שכן — האָב איך אים העפלעך באַדאַנקט. — דער סאַמאָוואַר האָט פאַר אונדז שוין אָפּגעשפּילט. זאָל ער ביי אייך האָבן אַ בעסערן מזל...



# זכרונות ורשמים

## זליג בן־משה / קיבוץ עין־שמר

נר לנשמת הורי, אחי ואחיותי

### א.

דוקשיץ קמה במאה ה־18, היא שוכנת כ־60 ק״מ מהעיר פולוצק ברוסיה־הלבנה וכ־200 ק״מ מווילנה. בשנת 1920 נכבשה העיירה בידי הפולנים ומאז השתייכה לגליל ווילנה. מספר תושביה (לפני המלחמה) הגיע ל־4.500, מהם כ־3.000 יהודים והשאר ברובם רוסים־לבנים ומיעוטם פולנים (ומספר משפחות טטרים). מסילת־הברזל שעברה ליד העיירה פרפינוב במרחק כ־10 ק״מ, מהעיירה היתה הקשר היחידי עם וילנה — מרכז המסחר והתרבות. זה היה כמעט הקשר היחידי לעולם הרחב. רבים מבני הנוער קנו השכלה בווילנה, מי בבי״ס תיכון ומי בסמינר למורים או בישיבה. ווילנה גם שימשה כבסיס ומרכז למוסדות תרבות וכן לארגונים פוליטיים, כולל „החלוץ״ ו„השומר־הצעיר״.

לאחר פלישת הגרמנים לפולין בספטמבר 1939, סופחה העיירה לבריה״מ והוטלו עליה הגבלות. הגזרות האלה (איסור הפעילות הציונית) ציערו והדאיגו לא מעט, אולם



החלוץ בדוקשיץ * דער החלוץ אין דאָקשיץ

עובדת הצלתם מידי הגרמנים, הפיחה בהם רוח של אמונה ותקווה לימים יותר טובים. כאמור, הארגונים הציוניים התפרקו. קן „השומר הצעיר" ירד למחתרת. מצב זה נמשך עד לפלישה הנאצית לבריה"מ (יוני 1941) בה גם דוקשיץ נפלה תחת שלטונם. ניצלו רק יהודים מעטים, אשר הצליחו לברוח או גורשו מזרחה לתוך בריה"מ. חלק מהם זכה — עם תום המלחמה — לעלות ארצה ולבנות כאן את ביתם.

דוקשיץ ושכנותיה הקרובות: גלובוקי (הגדולה בהן), דולהינוב, קורניץ, דונילוביץ וכ"ה, דמו אחת לרעותה. התושבים היהודים, מרוכזים היו ברחובות הראשיים והיתר, רובם נוצרים פרבוסלבים, גרו בסמטאות בקצות העיירה. במרכז העיירה, ככר השוק שביום השוק, פעם בשבוע המה אדם ובהמה. כנסייה, מיכלי מים לכיבוי שרפות (רוב הבתים היו בנויים עץ והשרפות היו שכיחות), תחנת משטרה, בתי מרקחת וחנויות לרוב.

בככר בשם „שולהויף", ע"ש בתי הכנסת שהיו מצויים בה, היתה מרכז התורה והמלאכה, שכן רוב בעלי המלאכה ודלת העם התגוררו כאן וגם מרבית ה„חדרים" שכנו בככר הזאת. כמובן, כי כאן נמצא גם בית־המרחץ העירוני וה„מקווה" אשר התנוסס לתפארת על שפת נהר הברזינה שחצה את העיירה.

ב.

דוקשיץ, עיירה פרובינציאלית היתה, נידחת ללא תחבורה סדירה וללא כבישים ראויים לשמם ועד סמוך לשנות השלושים, אף ללא חשמל. (ברוב הבתים הוסיפו להשתמש במנורת הנפט.) היו בה טחנת קמח, מנסרה ומבשלה לבירה. אלה כל מפעלי התעשייה והחרושת. רוב היהודים התפרנסו ממסחר זעיר ומיום־השוק (אחת לשבוע) בו היו איכרי הסביבה מביאים תוצרתם למכירה, ותמורתה היו קונים בחנויות היהודים, מזון וחפצי הלבשה למשפחותיהם. מספר ניכר של יהודים, שלחו ידם במלאכה: בחייטות, סנדלרות, נגרות, כובענות ועוד. יהודים אחדים עסקו גם בחקלאות ומצבם, היה קשה. עול המסים רבץ עליהם בכל כובדו. בשנים האחרונות לפני המלחמה, חשו גם בתוצאות ההתחרות מצד האוכלוסיה הלא־יהודית, בתחום המסחר והמלאכה. אין פלא איפוא, כי רבים מבני הנוער, היו עוזבים את ספסל הלימודים בגיל הבר־מצווה (ולעיתים גם לפני כן), כדי לעזור בפרנסת המשפחה או בגלל חוסר יכולת לשאת בעול שכר הלימוד. היו מתחילים (כבר בגיל זה) ללכת בדרך ההורים: מסחר, מלאכה, (ולעתים בטלה וניוון.)

עם זאת היתה דוקשיץ עיירה, שחייה התרבותיים היו עשירים למדי. ה„חדרים", בתי־הספר, מוסדות התרבות, העירוניים והיהודיים, הקנו לה (בצדק) את שמה הטוב. בימי שלטון הרוסים היה בדוקשיץ בי"ס תיכון עירוני ולאחר מכן היו בעיירה 3 בתי־ספר יסודיים: פולני, עברי (תרבות) ויידישאי וכ־10 „חדרים". ספריה עממית גדולה. (רוב הספרים בשפת יידיש ומיעוטם בפולנית, בעברית, ברוסית וגרמנית). יסודו של ביה"ס „תרבות" היווה מאורע חשוב וחולל מפנה בחיי הנוער. ילדים רבים עזבו את ה„חדרים"

ואת בית הספר הפולני ועברו לביה״ס העברי. וכך הונחו היסודות לפעולה העברית, עליהם התבססה ברבות הימים הפעולה הציונית וקמו התנועות החלוציות.

הרעיון הציוני והחלוצי הגיע אמנם, לפינתנו הנידחת שנים אחדות לפני היווסדו של ביה״ס „תרבות״. במספר בתים הופיעה הקופסא הכחולה של הקק״ל ומפעם בפעם היה גם מישהו עולה לארץ ישראל (העליות ההן היו אפופות סודיות ומיסתורין, עוררו רגשי הערצה בקרב הנוער) אולם, בסמוך לשנות ה־30 עם התפתחות תנועת „החלוץ״ והקמת הרשת הענפה של קיבוצי ההכשרה בפולין והגברת זרם העליה החלוצית ארצה, נוסד גם בדוקשיץ סניף החלוץ ו„השומר הצעיר״, שעד מהרה פיתח פעילות חינוכית ענפה, אירגן וריכז עשרות רבות של בני נוער, אשר בהמשך הזמן מצאו בקן את ביתם.

הפעילות הסוציאלית והקהילתית לא פותחה דיה והיתה צנועה למדי. ובכל זאת, היו מספר מוסדות הראויים לציון והם: הקהלה (או וועד הקהלה) הבנק העממי (יידישער פאלקס־באנק), אגודת פועלי־צדק — מוסד בעלי המלאכה לעזרה ומתן הלוואות, אגודת גמילות־חסדים, לינת־הצדק — לעזרה בכוח אדם בשעת מחלה וכד׳, ייסוד השומר הצעיר.

התנועה הציונית הוקמה על פי יוזמתם של יחידים. באחד מימי הקייץ בשנת 1927, התכנסה קבוצת נערים מגומרי ביה״ס תרבות (בגיל 14—13) ולאחר שיחה ערה על... מצב העם היהודי ושיבת ציון, הוחלט להתארגן באגודה, שתשא את השם „אגודת אוהבי המולדת״. בו במקום עובד תקנון לאגודה והוחלט לשלם מס חבר לכיסוי ההוצאות. מפעם בפעם היו מתאספים, קוראים מאמר או שניים מ„העולם״ (הירחון של ההסתדרות



בית הספר העממי האידישאי (1928) — די יידישע פאָלקס־שול אין דאָקשיץ (1928)

הציונית העולמית) או מספרות ציונית אחרת, עורכים טיול לשדות וליער ומתווכחים על העתיד. במרוצת הזמן, הורגש הצורך בכוח מרכזי, מדריך שיעזור בהגשמת התכניות. והגענו למסקנה שיש למצוא תנועת נוער מתאימה, הדוגלת ברעיון הציוני ובקידום עניני הפועלים. וכך הגענו ל„השומר הצעיר". לפני כן, הגיעו אלינו שמועות טובות מקן „השומר הצעיר" בווילנה ולאחר שיקולים, החלטנו כי זוהי הדרך לנוער היהודי ולתנועה זו עלינו להצטרף. לא ארך הזמן והתחלנו לקבל חוברות הדרכה וספרות שומרית, ולאחר זמן מה זכינו גם לביקור מטעם ההנהגה הראשית בוורשה.

ההצלחה האירה לנו פנים. קבלנו תוספת כוח רצינית עם הצטרפותם של מספר חברים בעלי נסיון (מבוגרים יותר) וכושר אירגון: חיים זמירי (סולוביי) ז"ל; יוסף קמנקוביץ ז"ל ויבל"א שמואל זמיר (סולוביי) וכך נוסד הקן בדוקשיץ.

ולמה דווקא השומר הצעיר?

האמת היא, מעטה היתה בקיאותנו באידיאולוגיה של השוה"צ. לא קראנו את מרכס ולא את בורוכוב ובמצע הרעיוני של השוה"צ לא עיינו בטרם נפלה ההחלטה. אולם, חשנו את האנומליה בחיי היהודים בגולה, את הדלות וחוסר המוצא שבמציאותנו. הגענו להכרה כי הפתרון הוא בארץ־ישראל ובהגשמה עצמית. ראינו כי תנועת השומר הצעיר יותר מכל תנועת נוער אחרת, חותרת להגשמת עקרונות אלו, ונתנו לה את אמוננו. ואכן לא התאכזבנו.

אולם, כדי שלא יתקבל הרושם כי הכל התנהל על מי מנוחות ולא היו כלל בעיות ותקלות, אציין מספר גורמים שהקשו על פעולתנו, אך לא הופתענו מכך כלל וכלל וקבלנו עלינו את הדבר כמובן מאליו.

בעיירה קטנה כשלנו, התנהלו החיים בדפוסים שגרתיים, זה מאות בשנים כמעט לפי ה„שולחן־ערוך". היחסים בין הורים והבנים, ובין שני המינים הושתתו על אי־השוויון והנוהג הפטריארכלי הקדום. המסורת הדתית השמרנית שלטה ללא מצרים בכל תחומי החיים הפרטיים והציבוריים. לכן לא ייפלא כי ניצבנו בפני קשיים רציניים כאשר נגשנו להקים תנועת נוער חופשית, חלוצית, הקוראת למרד הבן במציאות הגולה ובחומרת ההגשמה ולעלייה בכל הדרכים. אין גם לפסוח על הקטרוג והמאבק שניהלו נגדנו (לרוב בחשאי ובמחתרת) החוגים הקומוניסטיים והיידישיסטים. הם כמובן, ראו בנו סכנה מסוג אחר, ואף נגדם נאלצנו לנהל את פעולתנו החינוכית בקרב הנוער ולגייס אותם לשורותינו. אולם הנוער לא שעה לדבריהם והצטרף לתנועה הציונית ולתנועות הנוער שלה. במשך תקופה קצרה יחסית, הצליח להתרכז ב„השומר־הצעיר" מספר רב של נוער, ולהנצל ע"י כך מחיי ניוון ושיעמום, מנת חלקם של רבים מחבריהם, אשר נאלצו לנטוש את ספסל הלימודים ולתור אחר אמצעי פרנסה ותעסוקה. הנערים והנערות מגיל 12 ומעלה, נקלטו בקן באווירה חברית וחינוכית ומצאו כאן את חברתם ודרכם בחיים.

חברי הקן גילו פעילות בכל מפעל ציוני וחלוצי, צעדו בראש באסוף תרומות למען

הקרנות הציוניות, הקדישו מזמנם ללימוד הלשון העברית וצליליה נשמעו בכל העיירה, הפעולה הצופית והטיולים בחיק הטבע, משכו את תשומת לבם של הילדים והנוער והשפיעו את השפעתם המרעננת והחינוכית. נוסף על כך שקד הקן על העלאת ערך העבודה הגופנית (שהיתה לא מכובדת ביותר). קיבלנו וביצענו עבודות במנסרות שבסביבה ובשכר העבודה כסינו חלק מהוצאות הקן.



גדוד „בני העמק" של השומר הצעיר (1933) * דער גדוד „בני העמק" פון השומר הצעיר (1933)

עם צאתם של בוגרי הקן להכשרה, לקראת עלייתם ארצה חל משבר מסויים בפעולה התקינה של הקן, אולם במשך זמן קצר באה התאוששות, הודות לדור חדש של מדריכים אשר צמח מתוך חניכי הקן ואשר המשיך במפעל. ראשוני העולים מהקן עלו ארצה בקייץ 1933, ומאז נמשכה השרשרת עד פרוץ המלחמה.

ולסיום — נזכור את חברנו יוסף קמינקוביץ ז"ל, אשר נפל בין ראשוני הנופלים מכדורי המרצחים הגרמניים. אחד ממייסדי קן השומר הצעיר, מחבריו המסורים ומנושאי דגל התרבות העברית, אשר לא זכה להגיע יחד אתנו לקיבוץ ולהגשמת חזונו. נזכור את כל השומרים והחלוצים מדוקשיץ ואת כל יהודי דוקשיץ היקרים אשר נספו בשואה ולא זכו לראות בגאולת ציון ובתקומת ישראל בארצו. נזכור אותם ברגשי כאב וצער עמוק. נזכרם לעד ויהי זכרם ברוך.

# החיים הדתיים והלאומיים בדוקשיץ

צבי בר־מסדה (צ׳וכמן) / כפר־חסידים

דוקשיץ עיירתנו, לא היתה שונה משאר העיירות בתחום המושב הצארי, או עיירות פולין.

דוקשיץ היתה נאה במראה, בבניני העץ שלה, בארבעה רחובותיה המרכזיים הארוכים, הרחבים ובמרכזם — השוק על חנויותיו.

המרכז הרוחני שלה שכן בעיקר ב„שול־הויף" — חמישה בתי־כנסת מרוכזים בשורה אחת, ובסמוך להם — בית־המרחץ והמיקוה ע"י הנהר.



הרב ר׳ אהרון זלמנוביץ׳ (הרב העיוור)

הרב ר׳ אהרון זעלמאַנאָוויטש
(דער בלינדער רב)

כל המלמדים עם החדרים שלהם, ברובם היו ב„שול־הויף". גם השוחט (שו"ב) היקר באדם, ר׳ יוחנן גורדון, והסופר סת"ם גרו שם.

ניזכר אני בחיים הרוחניים המפכים בבית־המדרש, ובארבעת בתי־הכנסת של חסידי חב"ד — ליובאביץ׳. 5—4 מניינים התפללו שם בימי חול, החל מהשעות בהן לא יכירו „בין תכלת ללבן, ובין זאב לכלב".

ניזכר אני בשבתות ובחגים, בלילות הסליחות ובערב יום הכיפורים.

זוכר אני את המגרש הגדול המוקף גדר עץ גבוהה. היה שם פעם בית־כנסת שנשרף באחת השריפות בעיירה.

לשם היו מובילים ב„כלי־זמר", אפילו ממקומות מרוחקים, חתן וכלה לחופתם, וכל העיירה, מוזמנים ולא מוזמנים, משתתפים בתהלוכה זו לשמח הזוג הצעיר במקום המקודש הזה.

ניזכר אני ביציאה ההמונית של ילדי ישראל בלילות החורף מכל ה„חדרים" בבת אחת כשפנסי הפח בידיהם ובנהירה בלילה לסליחות מכל הכיוונים — אל ה„שול־הויף".

ליל הושענא־רבא בבתי־הכנסת חרוט היטב על לוח לבי. ההליכה עם הכפרות בידיים, בערב יום־הכיפורים; סחיבת הכלים המרובים לדוד הגדול הרותח בבית־המרחץ, בערב פסח.

הרושם הגדול ביותר השאיר עלי יום התשעה־באב, היציאה בהמונים, אנשים, נשים וטף וההליכה לבית־הקברות אחרי אמירת הקינות בבתי־הכנסת.

אני ניזכר, עיירתי, במראייך כשחיילי פולין המשוחררת, בסוף מלחמת־העולם הרא־שונה, נכנסים פתאום ברכיבה לרחובותיך. השחצנות והיוהרה שלהם, השוד, האונס. בשבת הידועה, בה היו כל בתי־הכנסת סגורים. הרדיפה אחרי יהודים בעלי זקן, ההתעללות הסדיסטית בכל יהודי שנתפס על ידם, ובמריטת זקניהם.

זמן רב לא יכולתי לשכוח את התמונה הזאת. גם אבי היה בין הנתפסים, ואני הלכתי אחריו לאן שהם הובילו אותו. בליבי גמרתי אומר שאגן על אבי אם יעיזו לגעת בו, יהיה מה שיהיה.

הפולנים הם שהכניסו בי את הרעיון והשאיפה לעזוב את הגולה הארורה ולקחת חלק בבנין ארצנו.

עד לשנים האחרונות שלפני מלחמת־העולם הראשונה לא ידעו בדוקשיץ על קיום תנועה לאומית יהודית, ועל התנועה הציונית. בין הראשונים שהתחיל לארגן את התנועה, היה בחור בשם ליפא לויתן ז"ל, בן למשפחה עשירה, אינטליגנטי, בחור יפה וחסון. הוא הצליח לארגן מספר בחורים ובחורות, והקימו סניף ציוני בשם „אחדות ותחיה". שכרו וסידרו יפה מועדון וספריה והתחילו להפיץ את השקל הציוני ולמכור בולים ופעולות אחרות של הקרן הקיימת לישראל. כל אלה שהתארגנו על ידו לא חלמו על עלייה לארץ. ליפא היה בין הראשונים בעיירה שעלה לארץ בשנת 1922.

החסידים מיהודי דוקשיץ התייחסו לציונות בשלילה, כמו כל החרדים בתקופה ההיא.

כשבאה הידיעה על הצהרת בלפור, לא רצו כלל לשמוח, והכריזו על זה כ„צרת בלפור".

כש„חבר הלאומים" אישר את המנדט על ארץ־ישראל ויחידים עלו על הבימה של בית־הכנסת בשמחה ורצו לקרוא תהילים משירי המעלות — היתה התנגדות חזקה. „אם ה' לא יבנה בית, שווא עמלו בוניו בו" — צעקו אליהם. זהו שיר המעלות המתאים לכם.

הושפעתי גם אני מליפא. קנאתי בו. אבל צעיר מדי הייתי אז, וסבלתי מהפרעות בלתי פוסקות מצד אבי.

באותו זמן הופיע בדוקשיץ המורה הראשון לעברית. היה זה פרסמן, היקר באדם, חתנו של ר׳ בנימין־מאירס תומרקין ז״ל, יהודי יקר, בעל השפעה בעיירה. הוא פתח את בית־הספר העברי הראשון בדוקשיץ, לא במעט הפרעות מצד החסידים הקיצוניים.

בית־הספר הזה הכניס רוח לאומית־ציונית בעיירה. הנוער שר שירים עבריים מימי „חיבת ציון״, „שם בארץ חמדת אבות״, „מקום שם ארזים״. מפעם לפעם ערכו גם הצגות בשפה העברית במיבטא האשכנזי.

בית־ספר זה נתן לנו חניכים טובים. מהם יצאו אחרי כן מארגני וחברי „החלוץ״ ו„השומר־הצעיר״ שהלכו גם להכשרה ועלו לארץ.

אחרי פרסמן הופיע גיסו יחזקאל תומרקין. הוא פעל רבות בשטח החינוך העברי, בחינוך הדור ברוח הלאומית.

בזמנו הופיעו המכתבים הארוכים, היפים והמעניינים של ליפא מא״י, התיאורים על ההתישבות החדשה בעמק יזרעאל ובגליל, בסיגנון יפה ומלהיב.

הוא תיאר בכישרון את הטיולים שלו במקומות המוזכרים בתנ״ך, עליהם למדנו בחדרים. תיאור זה שבה את לב הצעירים והזקנים. המכתבים של ליפא עברו מיד ליד והפיחו רוח חיים בעצמות היבשות.

הייתי השני, אחרי ליפא, לארגן את „החלוץ״. לא הצלחתי כמוהו. אחדים הלכו אחרי, ורק שניים, בתקופה הזאת, באו אחרי לארץ. אחרי עלותי לארץ בשנת 1924, התחילו לפעול חניכי בית־הספר העברי, ביחוד חיים סולוביי ושמואל־לייב קפלן ז״ל.

שמואל־לייב הי״ד, היה מסור ונאמן לרעיון הציוני. הוא שימש כל השנים עד לשואה, כנציג המשרד הארצי־ישראלי בדוקשיץ, שלא על מנת לקבל פרס. כל עולה, כל חלוץ, נעזר מהצעד הראשון, עד יום העלייה על ידו. כל מיני מיכשולים ועיכובים מנעו את עלייתו לארץ. הוא היה כמו אותו רב־חובל נאמן, שעזר להציל עד היום האחרון לפרוץ המלחמה.

הוא טבע ומצא את מקומו בין כל הקדושים והטהורים של יהדות דוקשיץ הי״ד.

מאז עוזבי את עיירתי בשנת 1924, שאפתי לראותה פעם נוספת — אך לא זכיתי לכך.



# רעליגיעז און נאַציאָנאַל לעבן

צבי בר־מסדה (טשוכמאַן) / כפר חסידים

אונדזער שטעטל דאָקשיץ איז ניט געווען אַנדערש פון די אַנדערע שטעטלעך אי־נעם צאַרישן תחום המושב, צי אין אומאָפּהענגיקן פּוילן.

דאָקשיץ האָט אויסגעזען שיין, טראָץ אירע הילצערנע הייזער און די פיר ברייטע, לאַנגע גאַסן. אין צענטער — דער מאַרק מיט זיינע קלייטן.

דער גייסטיקער צענטער פון שטעטל איז געווען דער עיקר אויפן שול־הויף — פינף בתי־תפילה אין איין ריי. לעבן זיי — דאָס באָד און די מקווה ביים טייך.

אַלע מלמדים מיט זייערע חדרים האָבן אין רוב זיך געפונען אין שול־הויף. אויך דער שוחט ר׳ יוחנן גאָרדאָן, אַ טייערער ייד, און דער סופר, האָבן דאָרט געוווינט.

איך דערמאָן זיך אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין בית־המדרש און אין די פיר שטיבלעך פון די חב״דער־לובאַוויטשער חסידים. אַ 4־5 מניינים האָבן דאָרט געדאַוונט אין די וואָכנס־טעג, פון פריסטן באַגינען אָן.

איך דערמאָן זיך די שבתים און יום־טובים, די נעכט פון סליחות און דעם ערב יום־כיפור.

איך געדענק דעם גרויסן פּלאַץ אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּלויט. דאָרט איז אַמאָל געווען אַ שול, וועלכע איז אָפּגעברענט געוואָרן בעת איינער פון די שריפות.

אַהין האָט מען געבראַכט קלעזמאָרים אַפילו פון ווייטערע מקומות, ווי אויך חתן־כלה אונטער דער חופה. דאָס גאַנצע שטעטל, פאַרבעטענע און אומגעבעטענע, האָבן זיך באַטייליקט אין דעם באַגלייטן דאָס יונגע פּאָרל צו דעם געהייליקטן אָרט.

איך דערמאָן זיך, ווי ידישע קינדער אין שטעטל האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין די ווינטער־נעכט פון די חדרים מיט לאַמטערנדלעך אין די הענט. און אין די נעכט פון סליחות האָבן זיי פון אַלע ריכטונגען געשטראָמט צום שול־הויף.

די הושענא־רבה נאַכט אין שול איז טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון; צי דאָס גיין מיט די כפרות אין די הענט ערב יום־כיפור; דאָס שלעפּן יעדן ערב פּסח די כלים צום גליען און כשרן אין דעם גרויסן קעסל לעבן באָד.

דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט אויף מיר איבערגעלאָזט תשעה־באב. דאָס מאַסנ־ווייזע גיין אויפן בית־הקברות, נאָך די קינות זאָגן אין שול — פון מענער, פרויען און קינדער.

איך געדענק דיך, מיין שטעטל, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען זעלנער פון דער נאָר־וואָס באַפרייטער פּוילן, האָבן פּלוצים זיך באַוויזן אויף פערד —

מיט זייער פאַריסנקייט און חוצפּה, רויב און גוואַלדטאַטן — יענעם באַוווּסטן שבת, ווען אַלע שולן זענען געווען פאַרמאַכט. דאָס יאָגן זיך נאָך יידן מיט בערד, דאָס סאַדיסטישע איזדעקעווען זיך איבער די, וועלכע זיי האָבן געכאַפּט און דאָס שענדן באָרד־און־פּיאות פון גלוביקער יידן.

אַ לאַנגע צייט האָב איך ניט געקענט פאַרגעסן דאָס דאָזיקע בילד. אויך מיין פאָטער איז דורך זיי געכאַפּט געוואָרן און איך בין נאָכגעגאַנגען אַהין וווּ מ׳האָט אים געפירט. ביי זיך האָב איך געשווירן צו פאַרטיידיקן דעם טאַטן, אויב זיי וועלן וואַגן אים אָנרירן — און זאָל זיין וואָס ס׳וועט זיין.

די פּאָלאַקן זענען עס געווען די, וועלכע האָבן מיר איינגעגעבן דעם געדאַנק צו פאַרלאָזן דעם פאַרשאָלטענעם גלות און נעמען אָן אָנטייל אין בנין הארץ.

ביז די לעצטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט מען ניט געוווּסט אין דאָקשיץ וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ נאַציאָנאַלער יידישער באַוועגונג, וועגן ציוניזם. פון די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן עפּעס טאָן, איז געווען ליפּע לעוויטאַן ז״ל, אַ קינד פון אַ רייכער משפּחה, אַן אינטעליגענטער, שיינער און געזונטער בחור. אים איז געלונגען צו אָרגאַניזירן עטלעכע יינגלעך און מיידלעך און אויפשטעלן אַ ציוניסטישע



ועד החלוץ * דער קאָמיטעט פון החלוץ

אָרגאַניזאַציע א. נ. „אחדות ותחיה״. זיי האָבן געדונגען און איינגעאָרדנט אַ שיינעם לאָקאַל, אַ ביבליאָטעק און אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן שקל, פאַרקויפן מאַרקעס פון קרן קיימת און אַנדערע טעטיקייטן. די אַלע האָבן נאָר געטרוימט וועגן עולה זיין. ליפּע איז געווען דער ערשטער און איינציקער אין שטעטל, וועלכער האָט אין יאָר 1922 עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

די חסידים אין דאָקשיץ האָבן ווי אַלע אָרטאָדאָקסישע יידן אין יענער תקופה, נעגאַטיוו זיך באַצויגן צום ציוניזם. ווען ס׳איז באַוווסט געוואָרן וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָבן זיי בכלל ניט געוואָלט זיך משמח זיין און זי אָנגערופן „די באַלפור־צרה״. ווען דער פעלקער־בונד האָט באַשטעטיקט דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל און אייניקע ציוניסטיש־געשטימטע יידן האָבן געוואָלט אַרויפגיין אויפן בעלעמער אין שול און זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, זינגען אַ שיר המעלות — איז געווען אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט. „אם ה׳ לא יבנה בית, שווא עמלו בוניו בו״ — האָבן זיי געשריגן. „דער דאָזיקער שיר המעלות פּאַסט פאַר אייך !...״

ליפּע האָט אויך אויף מיר געווירקט. כ׳האָב אים מקנא געווען. כ׳בין אָבער צו יונג געווען און געהאַט אויסצושטיין כסדרדיקע שטערונגען פון טאַטן.

אין יענער צייט האָט אין דאָקשיץ זיך באַוויזן דער ערשטער העברעיש־לערער — פּרעסמאַן. אַ טייערער מענטש, דער איידעם פון ר׳ בנימין־מאיר טאַמאַרקין ז״ל, אַ גוטער ייד, וועלכער האָט געהאַט השפעה אין שטעטל. ער האָט געעפנט די ערשטע העברעישע שול אין דאָקשיץ, הגם מיט אַ סך שטערונגען מצד די עקסטרעמע חסידים. די דאָזיקע שול האָט אַריינגעהויכט אַ ציוניסטיש־נאַציאָנאַלן אָטעם אין שטעטל. די יוגנט האָט אָנגעהויבן זינגען העברעישע לידער. פון צייט צו צייט זענען אויך פאָרגעקומען העברעישע פאָרשטעלונגען — נאָר מיט דער אשכנזישער אויסשפּראַך.

די דאָזיקע שול האָט אונדז געגעבן גוטע שילערס, פון וועלכע עס זענען דערנאָך אויסגעוואַקסן אָרגאַניזאַטאָרן און חברים פון החלוץ און השומר הצעיר, וואָס זענען געפאָרן אויף הכשרה און שפּעטער עולה געווען.

נאָך פּרעסמאַנען איז געקומען זיין שוואָגער יחזקאל טאַמאַרקין, וועלכער האָט אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון העברעישער דערציונג, פון מגדל זיין אַ דור אין נאַציאָנאַלן גייסט. אין יענער צייט פלעגן אויך אָנקומען פון ארץ־ישראל די לאַנגע און אינטערעסאַנטע בריוו פון ליפּען, אין וועלכע ער האָט אין אַ שיינעם, באַגייסטערנדיקן סטיל באַשריבן די נייע קאָלאָניזאַציע אין עמק יזרעאל און אין גליל.

מיט טאַלאַנט האָט ער געשילדערט זיינע באַזוכן אין די ערטער, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ״ך און וועגן וועלכע מיר האָבן געלערנט אין חדר. די דאָזיקע באַשרייבונג האָט געקוויקט די הערצער פון יונג און אַלט. ליפּעס בריוו זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און אַריינגעבלאָזן לעבן אין די אויסגעטרוקנטע ביינער...

נאָך ליפּען בין איך געווען דער צווייטער צו אָרגאַניזירן דעם „החלוץ". איך האָב ניט מצליח געווען ווי ער. אייניקע האָבן נאָכגעטאָן זייןביישפּיל און נאָר צוויי זענען נאָך מיר געקומען אין לאַנד אַריין. נאָך מיין עולה זיין אין יאָר 1924, האָבן אָנגעהויבן זיין טעטיק די שילערס פון דער העברעישער שול, באַזונדערס חיים סאָלאָווי און שמו־אל־לייב קאַפּלאַן ז"ל.

שמואל־לייב איז געווען טריי און איבערגעגעבן דעם ציוניסטישן אידעאַל. אַלע יאָרן, ביזן אומקום, איז ער געווען דער פאַרשטייער פון פּאַלעסטינע־אַמט אין דאָקשיץ. יעדער עולה, יעדער חלוץ האָט ער געהאָלפן פון זיין ערשטן שריט ביזן עולה זיין. פאַרשידענע שטרויכלונגען און סיבות האָבן אים ניט דערמעגלעכט עולה צו זיין. ער איז געווען ווי יענער טרייער שיפס־קאַפּיטאַן, וועלכער האָט געהאָלפן ראַטעווען ביזן לעצטן טאָג, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. זיין אָרט איז צווישן אַלע קדושים און טהורים פון דאָקשיצער יידנטום.

זינט מיין פאַרלאָזן דאָס שטעטל אין יאָר 1924, האָב איך געשטרעבט צו זען עס נאָך אַמאָל — אָבער ניט זוכה געווען.



# פרנסות היהודים

## צבי רפאלי גילנסון / חפצי־בה

פרנסות יהודי דוקשיץ דומות היו לפרנסות יהודים בעיירות אחרות, רובם עסקו במסחר הזעיר, קנו ומכרו לאכרי הסביבה מכל הבא ליד. קנו פטריות מיובשות, עורות פרווה, שיער חזירים, דגנים שונים שהיו טוחנים אותם לקמח ואח"כ מוכרים לתושבים. היו שסחרו בפשתן והיו מעסיקים מאות נשים מכפרי הסביבה לנקות את הסיבים. טוחני קמח חכרו טחנות קמח מן הפריצים, וכן חכרו יערות לכריתה מי חלקות קטנות ומי חלקות גדולות יותר.

בדוקשיץ היו סוחרי בדים, סיטונאים בדברי מכולת וסדקית והרבה חנוונים זעירים. לא חסרו גם סוחרי דגים, קצבים שבמשך כל השבוע היו עסוקים בכפרי הסביבה בקניית בקר, שחטו ומכרום באטליזים. הם היו גם עובדי אדמה יהודים, אולם רוב רובו של הישוב עסק במלאכה.

כולם חיכו ליום השוק, ליום השלישי בשבוע, בו היו העסקים פורחים.

בין החייטים שעבדו בבתי האכרים בכפרים היה גם סבי משה־ירחמיאל גילנסון

ז״ל. הוא היה אדם פשוט, למדן גדול לא היה, גם כשהתפלל לא ידע פירוש המילים. אבל לעומת זאת היה סבא ואבא טוב. כל יום ראשון בשעות המוקדמות, היה יוצא ברגל לכפר עם תרמילו ומקלו כשסיגריה מודבקת בשפה התחתונה. הוא היה תופר בבתי האכרים פרוות עור כבשים או בגדים מבד עבה שארגו האכרות. עם תום השבוע, היה חוזר בעגלה מלאה כל טוב — שכר עבודתו מהשבוע. הסבתא והנכדים היו יוצאים לפגשו בשדרות הלבנה („בעריאָזקעס״). מה רב היה אז אושרו. לכל אחד היה מוציא מתנתו, שהכין במשך השבוע.

כזה היה וכזה אזכור אותו תמיד.

יהודי העיירה עמלו כל השבוע קשות, לעומת זאת בשבת אחה״צ ראית אותם יוצאים לטיול ברחוב ומשוחחים על דא ועל הא. אודות מה לא התווכחו? על הרב ועל החזן, על ראש הקהילה ועל ראש העיר, ועל מדיניות של כל העולם ומלואו.

לימים קם ארגון בעלי־מלאכה. המארגנים היו: מקס גולץ — הצלם, שמואל־אהרון — הכובען, שמואל קוגיל — התופר, חיים־רפאל גילנסון, יצחק־יעקב בילונקי, מנדל קזיניץ, זלמן פריימן — חייטים, משה פרידמן — כורך ספרים. תפקידו של הארגון היה לעזור לבעלי־המלאכה להוריד את נטל המיסים שהממשלה הטילה עליהם, להשיג רשיונות לניהול בתי מלאכה ולעזור בבחינות להשגת דיפלומת אומן. הארגון פעל באופן רשמי בהשראת השלטון.

עוד ארגון קם, בשם „חברת פועלי צדק״. ארגון דוקשיצאי אופייני. המטרה היתה עזרה הדדית לכל חבר נצרך. העזרה הרפואית בימים ההם היתה ברמה נמוכה. הם רכשו כלים ומכשירים רפואיים שונים כגון: מדחום, בקבוקי מים, חוקנים, כוסות רוח וכד׳. בסוף החורף הכינו במרתפו של גורדון גבישי קרח. באותם הימים היתה זאת אחת התרופות להצלת נפשות. כל הטיפול בעבודה זו לקח על עצמו רב יואל הקטן. קטן — משום שהיה נמוך קומה, אולם היתה לו נפש גדולה ואצילה. לא פעם העירו אותו באמצע הלילה משנתו, ותמיד נענה בסבר פנים יפות. אף פעם לא התלונן.

כאלה היו היהודים בדוקשיץ.



# פרנסות און מעשים־טובים פון דאָקשיצער יידן

צבי רפאלי גילענסאָן / חפצי־בה

פון וואָס איינגנטלעך האָבן געלעבט און געצויגן חיונה אונדזערע דאָקשיצער יידן? קיין גרויסע חקירות דאַרף מען נישט צו דעם. פשוט דערפֿאַר, ווייל אין אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך אין פוילן אין יענער צייט האָבן אַחינו בני ישראל אַזוי געלעבט.

בעיקר האָבן יידן געהאַנדלט, ווער אין גרעסערן מאַסשטאַב, ווער אין קלענערן. מען האָט געקויפט פון די פויערים אין דער סביבה אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר גע־לאָזט: געטרוקנטע שוואָמען, פעלעכלעך אויף פוטערס, חזיר־האָר, תבואה, פלאַקס. מען האָט אויך געדונגען ביי אַרומיקע פריצים שטיקער וועלדער אויף אויסצוהאַקן האָלץ, פֿאַרפּאַכטעט מילן צו מאָלן תבואה. עס זענען אויך געווען פישער, קצבים, וואָס פלעגן אַ גאַנצע וואָך פאָרן איבער די דערפער איינקויפן לעבעדיקע קי, קוילענען זיי אין שעכטהויז און צושטעלן דעם שטעטל פלייש. עס זענען אויך געווען יידישע ערד־אַרבעטער, וואָס האָבן אַליין באַאַרבעט זייערע פעלדער.

דער רוב יידן זענען געווען בעלי־מלאכהס, האָרעפּאַשנע מענטשן, וועלכע האָבן שווער און ביטער געהאָרעוועט צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט. הינטער דער שטאָט האָבן גוטע שמידן באַדינט די סביבה מיט אָנקלאַפּן פֿאַדקאָוועס אויף פערד, פאַריכטן וואָגנס. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי געשטאַנען ביי דער קאָוואַדלע און בלאָז־זאַק. סטאָליא־רעס האָבן מיט פשוטע מכשירים אויסגעפּאַרטיקט שיינע אַרבעט, אַפילו לוקסוס־מעבל, טירן און פענצטער. עס זענען אויך געווען גלעזערס, בלעכערס, שלאָסערס, אויזון־לייגערס, שניידערס און היטלמאַכערס. די לעצטע האָבן זייערע אויסאַרבעטונגען אַליין פאַרקויפט אין געוועלבלעך, אָדער אויף שטעלעכלעך אין מאַרק.

דינסטיק איז געווען דער וועכנטלעכער מאַרק — דער טאָג וועלכע אַלע האָבן אויס־געקוקט צו פאַרדינען אויף אַ וואָך פרנסה. עס זענען געווען איינבינדערס, וואָס האָבן יעדעס בוך געמוזט פריער דורכלייענען. מען האָט שווער געאַרבעט, די פרוי האָט אויך געהאָלפן אין דער מלאכה. פאַרשטייט זיך, אַז קיין אַכט־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג איז נישט געווען — מען האָט געאַרבעט ביז דער שפּעטער נאַכט.

עס זענען געווען פאָטאָגראַפיסטן, וואָס אַ דאַנק זיי זענען געבליבן בילדער פון שטעטל.

שניידער זענען געווען פאַרשידענע קאַטעגאָריעס: פשוטע, וועלכע האָבן גענייט פאַר די פויערים און אויך ביי די פויערים אין דאָרף; שניידער, וואָס האָבן געניי״ט אַ בעסערן אָנצוג פאַר יידן, אָדער מיליטער־לייט און באַאַמטע. (צווישן די אַ. ג. דאָרף־שניידערס איז אויך געווען מיין זיידע משה־ירחמיאל גילענסאָן. אַ פשוטער ייד, נישט

קיין גרויסער למדן, אַפילו נישט געוווּסט וואָס ער דאַוונט, אָבער דערפאַר אַ ייד אַ האָ־רעפּאַשנער, אַן ערלעכער, אַ גוטער זיידע און פאָטער.

זונטיק גאַנץ פרי האָט מען אים געזען זיך לאָזן אין וועג אַריין מיטן טלית און תפילין און פאַרשידענע קלייניקייטן אין זעקל, אָנגעהאָנגען אויף אַ שטעקן. דער פּאַ־פּיראָס צוגעקלעפּט צו דער אונטערשטער ליפּ. אַזוי איז ער אַוועק אויף אַ גאַנצער וואָך — צו נייען וועמען אַ פּעלץ מיט דער האַנט, אָדער בגדים פון גראָבן געוואַנט, וואָס די פּויערים האָבן אַליין געמאַכט.

פרייטיק נאָך מיטאָג זענען די באָבע מיט די אייניקלעך אַרויס אים באַגעגענען אין די ביעראָזקעס. דאָס גליק איז געווען זייער גרויס. פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ מתנה. קומען פלעגט ער צוריק מיט פערד און וואָגן פון דעם פּויער, ווו ער האָט געאַרבעט, און באַלאָדן מיט אַלעם גוטן: קאָרן אויף מעל, קאַרטאָפל. אַ לעבעדיק עוף און פרוכטן — אַזעלכער איז געווען מיין זיידע.

אַ גאַנצע וואָך האָבן יידן שווער געאַרבעט. אָבער שבת פלעגן זיך אַלע אַרויסלאָזן אויף שפּאַציר אין גאַס. מען האָט גערעדט וועגן אַלץ און אַלעמען.

די בעלי־מלאכהס האָבן זיך שפּעטער אָרגאַניזירט אין אַ האַנטווערקער־פאַריין. די איניציאַטאָרן זענען געווען: מאַקס גאָלץ — דער פאָטאָגראַפיסט, שמואל־אהרון ראַזאָוו — דער קירזשנער, שמואל קוגעל — דער קאָמאַשנמאַכער, חיים־רפאל גילענסאָן, יצחק־



ועד לינת הצדק • קאָמיטעט פון דער לינת הצדק

יעקב ביעלינקי, מענדל קאָזשיניעץ, זלמן פריימאַן — שניידערס, משה פרידמאַן — דער איינבינדער. דער ציל פון פאַריין איז געווען צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון זייערע מיטגלידער קעגן הויכע שטייערן, וואָס די רעגירונג האָט אַרויפגעלייגט אויף די האַרעפּאַשנע בעלי־מלאכהס; געהאָלפן באַקומען אַ האַנטווערקער־קאַרטע, וואָס אָן דעם האָט מען נישט געהאַט קיין רעכט צו אַרבעטן; אַדורכגעפירט מייסטער־ און געזעלן־עקזאַמענס, וואָס די רעגירונג האָט געפאָדערט.

אַ צווייטע אָרגאַניזאַציע איז געווען — אַ ספּעציפיש דאָקשיצער אויפטו מיטן נאָמען: „פועלי צדק". די אויפגאַבע איז געווען צו העלפן נויטבאַדערפטיקע, באַזונדערס אין דער צייט פון אַ קראַנקייט. די מעדיצינישע הילף איז דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה. זיי האָבן איינגעקויפט באַנקעס, קליזמעס, טערמאָמעטערס, וואַרעם־פלעשער, אייז־פּענכערס. אויף זומער האָבן זיי צוגעגרייט אין גאָרדאָנס ביר־ב־רוועריי אייז, דער אַ. ג. „ליעדניק". אין יענע צייטן, ווען עס זענען נישט געווען קיין אייז־קאַסטנס, האָט דאָס נישט איין ייד געראַטעוועט.

מיט דער גאַנצער אַרבעט האָט זיך פאַרנומען ר׳ יואל דער קורצער מיט זיין פרוי. דער קורצער האָט מען אים גערופן צוליב זיין קורצגעוויקסיקייט, אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט אַ גרויסע נשמה. נישט איינמאָל האָט מען אים געוועקט אין מיטן נאַכט. ער איז שטענדיק גרייט געווען צו העלפן דעם קראַנקן.



הועד למען הבאזאר של הקרן הקיימת * דער באַזאַר־קאָמיטעט פאַרן קרן קיימת

# זכרונות מעיר מולדתי

שושנה צ'וכמן־דרייזין

העיר דוקשיץ בה נולדתי ובה ביליתי ממיטב שנותי, שנות הילדות והנעורים, חרותה עמוק בזיכרוני, על רחובותיה, סימטאותיה, הבתים, המוסדות, ההרים, הנהרות ובמיוחד האנשים החביבים והנעימים. מה אהבתי לעלות על הגבעה הקרובה לביתנו, שעליה ניצבה הכנסיה הרוסית, ולהשקיף משם על כל הסביבה. כה אהבתי לטייל בשדרת עצי־הליבנה על־שם יקטרינה הגדולה ולהתעכב ליד גזע עץ ליבנה עתיק־יומין שתחתיו נבע מעיין. מעיין זה הינו מקור הנהר ברזינה. מה יפה המראה של המים הזורמים באפיק צר וארוך. ככל שמתרחקים מן המעיין — מתרחב ומעמיק הנהר. ובקיץ, בימות החום, אהבנו לרדת לרחוץ בנהר ולהתרענן במימיו.

דוקשיץ, שהיתה עד מלחמת־העולם הראשונה תחת שלטון הרוסים, נחשבה לעיר־מחוז בעלת אוכלוסיה יהודית גדולה ומפותחת. התפרנסו בה, כמו בשאר הערים בארצות הגולה בתקופה ההיא, מחרושת, מסחר, מלאכה ומשפחות בודדות מחקלאות. מוסדות סעד עם עזרה סוציאלית־ממשלתית כפי שנהוגים כיום בכל מדינה תרבותית, לא היו קיימים אז. לעומת זאת היו קיימות בין היהודים, כל מיני חברות לעזרה הדדית לניזקקים. בין אלה יש לציין את קופת גמילות־חסד ומשמרת חולים, שמטרתה היתה להקל על סיבלה של המשפחה העניה במקרה שאחד ממפרנסי המשפחה נפל למשכב.

מאחר והאוכלוסיה היתה מעורבת, לא חסרו תופעות אנטישמיות וביחוד בעת שצעירי הגויים מהסביבה היו באים להתיצב לבדיקה רפואית לשם גיוסם לצבא. אלה שנתקבלו כטירונים לצבא, מצאו לנחוץ להתגרות ביהודים לשם שעשוע, ואם ניתקלו ביהודי באיזו סימטה צדדית, היו מכים אותו ומורטים את זקנו.

עם גמר מלחמת־העולם הראשונה, חזרה פולין והפכה להיות מדינה עצמאית. בגורלה של העיר נפל להיות תחת שלטון הפולנים, והיא הפכה לעיר גבול עם הרוסים. כתוצאה מכך איבדה שטחי־מחיה נרחבים והעובדה השפיעה לרעה על מצבם הכלכלי של היהודים. מצד אחד ירד המסחר פלאים, ומצד שני הכבידה הממשלה הפולנית את עולה על ידי הטלת מיסים חדשים וכבדים. הדבר גרם לתנועת עזיבה מהעיר.

הראשונים שעזבו את העיר היו הסוחרים בעלי־האמצעים. הללו לא רצו להמתין עד שיתרוששו כליל, ועזבו מיד את דוקשיץ ושמו פעמיהם לווילנה־רבתי לחפש בה את מזלם. גם שאר השכבות וביחוד הנוער, חיפשו כל מיני דרכים להגר לארץ אחרת, מי לאמריקה הצפונית או הדרומית ובודדים שזכו לסרטיפיקט עלו לארץ.

סניף ההסתדרות הציונית היה קיים מזה זמן רב בדוקשיץ אך לא היה פעיל. בזמן

ההוא החל הסניף להיות פעיל והיווה גורם רב־משקל בעיירה. בדוקשיץ נפתח גם סניף של „החלוץ", שפעל בעיקר לאחר הצהרת־בלפור, כשחבר־העמים החליט בג׳נבה על הקמת בית לאומי־יהודי בארץ־ישראל. ההחלטה לתת לאנגליה את המנדט על הארץ, עוררה תקוות־שווא, שאכן ניפתחו שערי הארץ בפני כל יהודי. לצערנו היתה המציאות שונה. האנגלים נעלו את שערי הארץ והעניקו סרטיפיקטים בודדים בלבד.

משפחתנו היתה אחת המשפחות היהודיות הבודדות בדוקשיץ שהתפרנסו מחקלאות. מקום מגורנו היה בסימטה צדדית מאחורי העיר, שנקראה בתקופת השלטון הפולני בשם „פודגורנה" כלומר: מתחת להר. שם זה ניתן לה על שום שניצבה לרגלי הגבעה שעליה נמצאה הכנסיה הרוסית.

הראשון שהתיישב במקום היה הסבא מצד אמי, יהושע זליג קבאקוב ז"ל, אליו הצטרפו לאחר מכן בנו שמואל קאבקוב וחתנו, אבינו, מנחם־מנדל שלום צ׳וכמן. כל בני־המשפחה התפרנסו בעיקר מגידול ירקות.

הסבא היה אוהב־ציון נלהב ביותר. הוא רצה לארגן בזמנו קבוצה לעלייה ברגל לארץ־ישראל ולהתיישב בה, אך הדבר לא יצא לפועל. האדמה שאותה עיבדו, לא היתה בבעלותם, מפני שבתקופת השלטון הרוסי־הצארי היה חוק שאסר על יהודים להחזיק ברשותם קרקעות. עוד מלפני מאות בשנים היו האדמות מרוכזות בידי בודדים שנקראו „פריצים". בידי „פריץ" בשם פרושינסקי היו שטחי־קרקע עצומים מסביב לדוקשיץ. הוא עצמו היה מחכירן ובין החוכרים היו בני משפחתנו.




ועד הקרן הקיימת לישראל * דער קרן קיימת־קאָמיטעט

פעם בשנה היה מופיע הפריץ במרכבה הדורה רתומה לצמד סוסים אבירים. הגיע עד לבית החוכר ומבלי לרדת מן העגלה, היה קורא ליהודי („ז׳יד״) שיצא וישלם את המגיע. כשהיהודי היה מופיע, ציווה עליו הפריץ להסיר בפניו את כובעו לאות כבוד.

אבינו בנה לו בית־חרושת לעיבוד עורות (בורסיקיה), בנוסף לשטח הקרקע שעיבדנו. בית־חרושת זה עורר את זעמו של הכומר הרוסי המקומי, שטען נגד הריחות המופצים מהבורסיקיה. הלה פנה לבית המשפט במטרה לסלק את אבי מפרנסתו, אך אבי זכה במשפט. הדבר חרה מאד לכומר וכנקמה היה מתעלל בילדים ששיחקו להנאתם על הגבעה ליד הכנסיה הרוסית.

לא רחוק מביתנו עמד בית־חרושת לבירה השייך לאחים גורדון. אנחנו, כילדים, ניצלנו שכנות זו והיינו מבקרים לעיתים תכופות בבית־החרושת כדי להשיב נפשותינו בלגימת בירה מרעננת.

כשפרצה המהפכה הבולשביסטית ברוסיה והשלטון הצארי הגיע לקיצו, הבינו ה„פריצים״, ובתוכם פרושינסקי, כי תחת השלטון החדש לא יוכלו לרכז שטחי־אדמה עצומים ברשותם, והחלו למכור את אדמותיהם. הבעלות הועברה בעיקרה לידי יהודים. הראשונים שחשו בכך היו האחים גורדון, ומיד פנו לפרושינסקי בהצעה למכור להם את האדמה אותה עיבדנו. הדבר נודע לאבינו בעוד מועד והוא הצליח לסכל את מזימתם.

כשהופיע אבי לפני הפריץ כדי להגיע עמו להסכם בדבר מכירת הקרקע, נהג הפריץ באבי דרך־כבוד. פרושינסקי הציע לאבי לקנות את הקרקע שאותה חכר ואף את הקרקעות הסמוכות. אבי הודיע לפריץ כי אין באפשרותו לקנות את הקרקעות הסמוכות, ואז הציע הפריץ לאבי שיבחר בעצמו את שכניו. אבי החל לנהל תעמולה לקניית הקרקע מהפריץ.

כך קמה שכונה חקלאית יהודית, שנמצאה משני צידי הדרך הראשית לפלוצק. השכונה היתה נאה למראה ותושביה טיפחוה כמיטב יכולתם. לא הצלחנו להחזיק זמן רב בעמדתנו כחקלאים משום הקשיים שהציבה הממשלה הפולנית בדרכם של היהודים. החלה תנועת הגירה ערה ביותר, שאף לא פסחה עלינו.

סבנו, ר׳ יהושע זליג קבאקוב ז״ל, לא זכה להגשים את חלומו הגדול ולעלות ארצה. נכדיו וכן בנו שמואל זכו להגיע לארץ המיוחלת. ראשון עלה אחינו צבי ואחריו — אחינו מרדכי. לאחר ששניים אלה התבססו בארץ העלו את האחיות הדסה, עדה ואותי. אחרי שנתיים העלנו אף את אבינו, אחותו מלכה ואימנו.

בארץ הסתדרנו בחקלאות. אחינו צבי נמצא בכפר־חסידים. משפחת אחותי הדסה ומשפחתי — בשדה־יעקב. בכך, הגשמנו את חלומו של סבא לא רק לעלות לארץ־ישראל, אלא לחיות בה גם כחקלאים.

לסיום, ברצוני להתעכב על יום עזיבתנו את דוקשיץ ועל ההתרגשות בשעה שנפרדנו מידידינו ומכרינו הרבים. למרות שהכל היה ארוז ומוכן ליציאה, הרי שלא יכולתי להאמין

## מלמדים און חדרים

ווענן מלמדים און חדרים האָט מיר דערציילט איינער פון אונדזערע עלטערע מענ־טשן, וועלכער געדענקט זיינע חדר־יאָרן מיט צענדליקער יאָרן צוריק. ער האָט מיך גע־בעטן ניט דערמאָנען זיין נאָמען. ס׳פּאַסט ניט. היינט איז ער אַ בכבודיקער ייד, אַ זיידע, פּאַסט ניט, אַז די אייניקלעך זאָלן זיך דערוויסן, אַז ער איז געווען אַזאַ שטיפער, אַז די מלמדים זענען געווען גליקלעך, ווען מען האָט אים פון זיי צוגענומען.

ער דערציילט:

מיין ערשטער מלמד איז געווען ר׳ וועלוול. ביי אים האָב איך געלערנט עטלעכע זמנים. אין חדר ביי וועלוולען זענען געווען אַ 20 יינגלעך פון פאַרשידענעם עלטער, וועלכע ער האָט געלערנט תורה, האַלטן דיסציפּלין. ניט פאַר קיין מלמד געדאַכט, בין איך ביי אים געווען עטלעכע זמנים. פאַר אַזאַ חברהמאַן ווי איך איז דאָס געווען אַ סך.

פון וועלוולען האָט מען מיך אַריינגעגעבן צו מיין צווייטן מלמד, ר׳ בערקע יאָשעס. דער מלמד האָט געהאַט זיינע אָריגינעלע פּעדאַגאָגישע איינפאַלן ווי אַזוי צו לערנען. יעדער דאָנערשטיק איז געווען דער שווערסטער טאָג — עקזאַמענס. אַלץ וואָס מען האָט געלערנט אַ גאַנצע וואָך, האָט מען דאָנערשטיק געדאַרפט קענען אויסנווייניק. ווער עס האָט פאַרגעסן אַ פּסוק, האָט דער קאַנטשיק געהאָלפן אויפוועקן דעם זכרון. ניט איין ברוין־און־בלויער צייכן איז געבליבן פון איין דאָנערשטיק ביזן צווייטן. קיין סך נחת האָט בערקע יאָשעס פון מיר נישט געהאַט. איך פון אים — אויך ניט.

האָט מען געפּרוּווט ביי דעם דריטן מלמד, אפשר וועט זיין מזלדיקער. מיין דריטער מלמד איז געווען ר׳ בנימין מאירס טאַמאַרקין. עס זענען געווען נאָך מלמדים, ביי וועלכע איך האָב געלערנט: ר׳ שלמה מאָטלעס, ר׳ ישראל אהרון, בערל מרדכי, בערל קוראַקין.

ביי בערל קוראַקין האָבן געלערנט קינדער פון רייכערע מיוחסדיקע משפחות. ביי אים איז אָבער דער קאַנטשיק געווען נאָך מער מיוחס... אַז מיר האָבן שוין ניט געקענט אויסהאַלטן פון די שמיץ און דער פּחד צו כאַפּן קלעפּ איז געווען גרויס, פלעגן מיר זיך באַהאַלטן און פאַרשפּאַרן אויף לאַנגע שעהן אין „בית־שימוש״. דאָרטן זענען מיר געווען זיכער, עד יעבור הזעם.

דער שענסטער און בעסטער טאָג אין חדר איז געווען דער ערשטער טאָג. צוקערלעך פלעגן פאַלן אויף אונדזערע קינדערישע קעפּלעך. די עלטערן האָבן געזאָגט, אַז מלאכים פון הימל וואַרפן אויף אונדז די זיסע זאַכן.

אָבער דאָס לעבן אין חדר איז גאָרנישט געווען אַזוי זיס. זיצן פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט אויפן האַרטן באַנק, ווען די זון שיינט אַזוי שיין אין דרויסן, נאָכזאָגן אַלע צו־זאַמען נאָכן רבין פּסוקים, וועלכע מיר האָבן קוים פאַרשטאַנען. ניט איין מאָל פלעגט טרעפן, אַז איך האָב ניט געקענט נאָכזאָגן נאָך אַלעמען, ווייל די מחשבות זענען געווען ערגעץ אַנדערש. פלעגט אַ קניפּ פון רבין העלפן אומקערן זיך צו דער ווירקלעכקייט.

אין די ווינטערדיקע אוונטן פלעגט מען גיך לויפן אַהיים. אַ לאַמטערנדל אין האַנט האָט באַלויכטן דעם וועג. האַלב פאַרפרוירענע זענען מיר אָנגעקומען צו דער גוטער מאַמען.

אַזוי האָבן מיר אַ מאָל געלערנט תורה, וועלכע איז, ווי באַוווּסט, די בעסטע סחורה...

## יום־טובים אין שטעטל

יעדער יום־טוב האָט זיין רעליגיעזן אינהאַלט, ווי אויך סימבאָלן און ספּעציפישע מאכלים.

פאַר ראש השנה, יום־כיפור און סוכות פלעגט מען אָנגרייטן קיילעכיקע פאַרפעלעך פון אייער און מעל, אַ סימן אויף אַ קיילעכיק יאָר.

ראש־השנה פלעגט מען עסן וואָס מער זיסקייטן. עפּל טונקען אין האָניק, ס׳זאָל זיין אַ זיס יאָר.

שהחיינו פלעגט מען מאַכן אויף אַ שטיקל זיסן קאַוון (אַרבוז). ס׳איז ניט געווען אַזוי ביליק, נאָר ווען מענס קעשענע ס׳איז געווען ברייטער, האָט געקויפט אַ ביסל וויינטרויבן אָדער טייטלען, די פרוכטן פון ארץ־ישראל.

געבעקס אויף ראש השנה איז ניט געווען קיין געוויינלעכע. מ׳פלעגט באַקן אַנדערע חלות אויף שבת, ווי אַ לייטער, אַז אַלע תפילות זאָלן דערגיין צום הימל...

פאַר אונדז קינדער האָט ראש־השנה איבערגעלאָזן שיינע זכרונות. קודם־כל — די נייע קליידער און שיך. אויסגעפּוצט אין די נייע מלבושים, פלעגן מיר גיין הערן שופר בלאָזן. אין שול־הויף זענען געשטאַנען כאַליאַסטרעס בחורימלעך, וועלכע פלעגן צו אונדז „וואַרפן אויגן" און מיר, די מיידלעך, פאַרויטלטע און מיט קלאַפּנדיקע הערצער, פלעגן זיך אַריינשטופּן אין דער ווייבערישער שול.

פאַרן שופר־בלאָזן פלעגט מען דאַרפן זאָגן זיבן מאָל „למנצח". ווער ס׳האָט באַוויזן פריער אָפּצוזאָגן דעם „למנצח", איז אַרויס מיט אַ גרויסן זיג. מיר פלעגן היטן איינע די צווייטע זי זאָל, חלילה, ניט איבערהיפּערן קיין וואָרט אָדער פּסוק. אַ פאַרשטערטן יום־טוב האָט געהאַט דאָס מיידל, וועלכע מען האָט געכאַפּט ביי אַזאַ „פאַרברעכן".

אין דער לובאַוויטשער שול האָט שופר געבלאָזן ר׳ שמואל משה ישעיהס. איך געדענק ווי היינט, אַז כ׳האָב געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם מאָמענט, ווען ער פלעגט בלאָזן שופר. איך הער נאָך היינט זיין תקיעה־גדולה. ער האָט פון דעם שופר אַרויסגעבראַכט אַזוינע קלאָרע, ריינע טענער, אַז ס׳פלעגט נעמען ביים האַרצן און אין שול איז געווען אַזוי שטיל. מיר האָט זיך תמיד געדאַכט, אַז איך הער ערגעץ אַ שטיל געוויין. דערפאַר פלעג איך די לעצטע ענדיקן זאָגן דעם למנצח, צי אַפילו ניט ענדיקן.

דעם צווייטן טאָג יום־טוב, נאָכן מאָלצייט און דעם זיסן נאָכמיטאָגדיקן שלאָף, פלעגט מען גיין אויף אַ וויזיט. ביי אַ פּשוטן נאָר שטאַרקן גלאָז טיי מיט זיסן פלאָדן און וואַרעניע, האָבן זיך געטראָפן די מומעס און פעטערס מיט די קינדער. פאַרנאַכט איז דאָס שטעטל

אַרויס שפּאַצירן אויף דער גלובאָקער, באַריסאָווער און פּאָלעצקער גאַסן. אַז מ׳פלעגט מיד ווערן, האָט מען זיך צוגעזעצט אָפּרוען אויף אַ בענקעלע, אָבסערווירט און באַרעדט די שפּאַצירנדיקע.

דאָס שטעטל איז געווען אַזוי יומטובדיק, אַזוי יידישלעך!

## יום־הכיפורים

מיטן דערנענטערן זיך פון יום־כיפור, פלעגט די שטימונג ווערן אַן אומעטיקע, אַ שרעקנדיקע. ימים־נוראים. ערב יום־כיפור זענען די גאָר פרומע יידן אַוועק אין שול אין דער קאָלטער כאַבאַדניצע, ווו דער שמש האָט פאַר אַ פאָר גראָשן געגעבן עטלעכע שמיץ מיט זיין גאַרטל פון דער קאַפּאָטע און אַזוי אַרום מכפר זיין אויף זייערע חטאים.

מיין זיידע ר׳ ישראל צדוק האָט געהאַט אַ סך אייניקלעך. אַ מינהג איז געווען ביי אונדז אין דער משפחה, אַז ערב יום־כיפור זאָלן די אייניקלעך קומען צום זיידן, ער זאָל אונדז בענטשן. פאַר מיר איז דאָס געווען דער שענסטער מאָמענט. איך האָב זייער ליב געהאַט דעם זיידן. אַז ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע צוויי הענט אויף מיין קינדערישן קעפּל, פלעג איך תמיד ווען אַזוי בלייבן ביי מיין זיידן. מיט אַ וויינענדיקן קול האָט ער געזאָגט די ברכה, וועלכע איך האָב ניט פאַרשטאַנען און דערנאָך צוגעבן: „זאָלסט הערן דעם טאַטן און די מאַמען״.

אַז איך בין געווען אויף הכשרה און געגרייט זיך עולה זיין, בין איך געווען דאָס איינציקע אייניקל פון די דערוואַקסענע, וועלכע פלעגט קומען צום זיידן און בעטן: זיידע, בענטש מיך. דאַן האָב איך געוויינט מיט אים צוזאַמען. שרייבנדיק די ווערטער, זע איך אים און הער פיל פון זיינע וואַרעמע ברכות.

דער פחד פון יום־הדין האָט אויך אָנגעשטעקט די עטלעכע צענדליק קריסטן. זיי פלעגן דערציילן, אַז זיי האָבן מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי אַ „כאַפּאָן״ (אַ שד) האָט דערטרונקען אַ ייד אין דער קרעניצע. און יעדעס יאָר איז דער זעלבער ייד געווען דער דערטרונקענער. פאַר וואָס „כאַפּאָן״? ערב יום־כיפור האָט אַ יידענע געזאָגט איר יינגל, ער זאָל כ אַ פ ן דעם ווייסן האָן צו שלאָגן כפרות („כאַפּ אים אָן!״). האָט דאָס געדאַרפט הערן אַ קריסט ווי זי שרייט „כאַפּן״. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז „כאַפּאָן״ מיינט אַ שד. און דאָקשיצער קריסטן האָבן געגלייבט, אַז ערב יום־כיפור באַזוכט דאָקשיץ דער „כאַפּון״...

שיין פלעגט זיין נאָך נעילה, ווען יעדער פלעגט גיין אַהיים מיט אַן אָנגעצונדן ליכט אין האַנט, ס׳זאָל זיין אַ ליכטיק יאָר.

נאָכן אָפּפאַסטן דעם יום־כיפורדיקן תענית, פלעגן די פרומערע יידן אַריינקלאַפּן אין דער ערד דעם ערשטן פלאָקן צו דער סוכה.

סוכות איז געווען אַ פריילעכער יום־טוב. איבערהויפט ערב סוכות, ווען מ׳האָט גע־ברענגט דעם סכך. יידן האָבן געבויט אַ סוכה באַהאָפטן צו דער וואַנט, אַז אַ פענצטער פון שטוב זאָל אַריין אין דער סוכה, כדי קאָנען דערלאַנגען אין סוכה אַריין דורכן פענצ־טער. שכנים פון איין הויף האָבן זיך געבויט אַ בשותפותדיקע סוכה. די רייכערע האָבן געהאַט זייער סוכה אויף דער ווערענדע, נאָר געדאַרפט אויפהייבן דעם דאַך און באַדעקן מיט סכך. איך מיין אָבער, אַז די פרייד פון בויען די סוכה איז געווען אַ פיל גרעסערע ביי די קינדער, וועמענס עלטערן האָבן קיין ווערענדעס ניט געהאַט.

אַמפריילעכסטן איז געווען שמחת־תורה. די קינדער האָבן באַקומען פענער מיט פאַר־שידענע בילדער, ווי: משה רבנו, אָדער אַן ארון־קודש ווו ס׳עפענען זיך די טירלעך. (דאָס איז געווען אַ זייער טייערע פאָן). אויפן שפיץ פון דער פאָן פלעגט מען אַריינזעצן אַ קאַרטאָפל, צי אַן עפּל און דאָרט — אַ ליכט. שמחת־תורה זענען אַלע אַוועק צו די הקפות אין שול אַריין. קליינע יינגלעך האָט מען געטראָגן אויף די הענט. די גרעסערע פלעגן זיך שטופּן, כדי צו געבן אַ קוש דעם מענטעלע פון דער ספר־תורה.

אָבער די עלטערע, איבערהויפט די חסידים, זענען שמחת־תורה אין גאַנצן אַרויס פון די כלים, באַוויזן פאַרשידענע קונצן. געווען זענען אין דאָקשיץ יידן־הוליאַקעס, וואָס האָבן דעם טאָג פאַרגעסן דאגות פרנסה פון גאַנצן יאָר. עס זענען פאַרשוווּנדן די קנייטשן פון פנים, די אויגן האָבן געלויכטן, ס׳איז געווען שמחה־וששון. חסידישע ניגונים, טענץ, אַ גוט גלעזל משקה — האָט אין דעם טאָג נישט געפעלט. אַפילו בכבודיקע באַלעבאַטישע יידן פון אַ גאַנץ יאָר האָבן זיך דערלויבט אָפּצוטאָן אין דעם טאָג פאַרשידענע שפּיצלעך.

די חסידים פלעגן גיין פון איינעם צום אַנדערן. דאָ נעמען אַ פּלעשל, ביי אַן אַנדערן עפּעס צו פאַרבייסן, צונויפקלייבן זיך ביי אַ דריטן און פראַווען סעודות.

ר׳ מאיר מענדלס קעלישקעס בראָנפן פלעגן געבן דעם טאָן, אַ פריילעך חסידיש זמרל האָט צעוואַרעמט די בלוטן, מ׳איז אַוועק אין אַ פלאַקערדיק רקודל אויף די טישן, אַז די ווענט האָבן געציטערט. צום סוף פלעגט מען ר׳ מאיר־מענדלען אויסציען אויף דער פאָדלאָגע, אים אויסמעסטן מיט אַן אַרשין, זען צי ר׳איז היינטיקן יאָר אַ ביסל אונטערגעוואַקסן...

יעדעס יאָר פלעגט מען אים מעסטן. ער איז געווען דער העכסטער און אויסגעדאַר־טער ייד אין דאָקשיץ, פול מיט בטחון, הגם די פרנסה (אַ זייפן־קאָכער?) — קוים די נשמה צו דערהאַלטן. אַזאַ איז אויך געווען זיין זון שמואל־לייב, איינער פון די איבער־געגעבנסטע חלוצים, וועלכער האָט ניט זוכה געווען עולה צו זיין.

ר׳ יוחנן גאָרדאָן, דער שוחט, וועלכער איז אַ גאַנץ יאָר געווען ערנסט, ניכטערן, מיט אַ ברייטער געלער באָרד, איז אים ניט געווען צו דערקענען, אַז ס׳איז געקומען שמ־חת־תורה. אַ נייע הויט האָט זיך אויף אים אָנגעטאָן. ער האָט געהאַט אַ זייער שיינע

שטימע. טאָ וואָס טוט אַ ייִד אין אַזאַ פריילעכן יום־טוב, ווען מען מעג זיך אויף אַלץ דערלויבן? ער האָט געקענט אַ סך רוסישע פריילעכע מעלאָדיעס מיט חסידישע ווערטער. ווען ר׳איז אַריין אין עקסטאַז, איז ער געגאַנגען פון פענצטער צו פענצטער פון די חסי־דישע הייזער און געקרייעט ווי אַ האָן, און דאָס שטעטל האָט געקיכט פון געלעכטער און שמחה. אַזעלכע יידן האָבן אַריינגעבראַכט פריִיד אין די יום־טובים, געמאַכט פאַר־געסן אַלע זאָרגן פון דעם אָרעמען קליינעם שטעטל.

### מיין היים

עס ווילט זיך ניט גלויבן, אַז דאָס איז געווען און איז שוין מער ניטאָ. איך פאַרמאַך די אויגן און זע די גאַסן, געסלעך און דעם מאַרק ווו מיין עלטערנס שטוב איז געשטאַ־נען. נאָך זע איך דעם טאַטן (שמואל אהרן) זיצן איינגעבויגן ביי דער מאַשין, נייען די היטלען און זיך צוזינגען „אַ וואָס קלינגט איר קירכן־גלאָקן". איך זע די מאַמע ווי זי גרייט צו דעם שבת און מיין ברודער גרשון, ווי ער גיט זיך אַ הייב אויף פון דער מאַשין, נעמט דעם פידל אין האַנט, שפּילט עטלעכע מינוט און זעצט זיך ווידער צו דער מאַשין.

ווינטער פרייטיק. מ׳גרייט זיך צום שבת. צוזאַמען מיט דער קאַלטער לופט, עטעמט דאָס שטעטל מיט די ריחות פון די שבתדיקע מאכלים.

דער טאַטע גייט צו פּישקע דעם שערער אין דער „פאַריקמאַכערסקע" אָפּשערן. אָדער מ׳גייט צו יעקב־משה וואָנט אין ראַזורע הערן רכילות פון שטעטל, שמועסן וועגן פּאָליטיק. צו פּיישקע דעם שערער פלעגן קומען אַלע בעלי־מלאכות, וועלכע זענען געווען אין האַנטווערקער־פאַרבאַנד. דאָרט איז געווען אַ מין „פּאַרלאַמענט" פון שטעטל. דער טאַטע פלעגט גאַנץ לאַנג דאָרט פאַרזיצן און דערנאָך לויפן שנעל אין מרחץ אַריין. אַז ער איז צוריק געקומען, איז שוין די שטוב געווען אויפגערוימט, די מאַשינען פאַרוקט אין זייער „שבתדיקן ווינקל". די מאַמע פלעגט דערלאַנגען אַ הייס גלאָז טיי מיט אַ פריש פלעצל, נאָך דעם האָט דער טאַטע זיך אָנגעטאָן די שבתדיקע בגדים און געגאַנגען אין שול אַריין. איבערן שטעטל פלעגט זיך צעקלונגען אברהם־משה דעם שמשס קול: „ליכט־צינדן! ליכט־־צינדן!" אַז ער איז געווען אין דער גלובאָקער גאַס, פלעגט מען אים הערן אַפילו אין דער פּאָלאָצקער גאַס.

די מאַמע האָט אָנגעצונדן די שבתדיקע פיר ליכט אין צוויי מעשענע און צוויי זיל־בערנע לייכטער, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט בײדע הענט, געבענטשט ליכט און נאָך דעם צוגעגעבן: „אַזוי ווי די ליכטלעך לייכטן, זאָלן די נשמות פון מיינע קינדערלעך לייכטן". דערווייל, ביז דער טאַטע איז געקומען פון שול, פלעגט די מאַמע סאָרטירן די צייטונגען פון דער גאַנצער וואָך, אַרויסנעמען די אַרטיקלען, וועלכע זיי האָבן ניט באַוויזן צו לייע־נען, — און נאָכן עסן איז דאָס לייענען געווען איינע פון די וויכטיקסטע שבתדיקע הנאות פון מיינע עלטערן.

ווען די מאַמע האָט חתונה געהאַט מיט דעם טאַטן, האָט זי אים געבראַכט זייער אַ גרויסן „נדן״: צווי קאַרזינעס (קוישן). איינע אַ קליינע און איינע אַ גרויסע. אין דער גרעסערער קאַרזינע איז פאַרפאַקט געווען איר ביבליאָטעק, די רוסישע קלאַסיקער און אַפילו אַ קליינע בראָשורקע פון קאַרל מאַרקס (וועלכע איך האָב מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געפונען אויפן בוידעם). די ביכער האָט זי אָפּגעגעבן מ׳זאָל גרינדן אַ ביבליאָטעק. די צווייטע קאַרזינקע האָט געדינט פאַר דער מאַמעס קליידער, ווייסע „היסטאָרישע״ הענטשקעס (מיט וועלכע איך האָב זיך שפּעטער געשפּילט). דעם ערשטן מיטאָג, וואָס די מאַמע האָט געקאָכט, איז געווען אַ זופּ פון בולבעס מיט... הערינג. און די באָבע האָט פּונקט געדאַרפט זען ווי די מאַמע שיילט די קאַרטאָפל אין ווייסע הענטשקעס. איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ גערודער ס׳איז געווען ביי אַלע מומעס און פעטערס! אַ כלה אָן נדן און דערצו שיילט זי נאָך קאַרטאָפל אין הענטשקעס...

די מאַמע האָט זייער ליב געהאַט די רוסישע שפּראַך, וועלכע זי האָט גוט באַהערשט. אויך יידיש. בכלל האָבן די עלטערן ליב געהאַט צו לייענען. זיי זענען געווען טעטיקע חברים אין „בונד״. דער טאַטע איז אין זיינע בחורישע יאָרן געווען טעטיק ביי די סאָ־ציאַליסטן („ציציליסטן״, ווי עס פלעגן זאָגן אַ סך יידן).

ווי חברים פון „בונד״, האָבן זיי און נאָך חברים (אברהם און ליבע חדש, מולע גליי־כענהאוז) אָרגאַניזירט אַ לייען־זאַל, געהאָלפן שאַפן די יידישע ביבליאָטעק, איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס צו פאַרשפּרייטן די יידישע שפּראַך צווישן קינדער, וועלכע האָבן געלערנט אין דער פּוילישער שול. דאָס הייסט — לערנען די קינדער לייענען און שרייבן יידיש, באַקענען זיי מיט דער ליטעראַטור. זיי האָבן אָרגאַניזירט יידישע אָונט־קורסן. דער לערער איז געווען שמעון מאַדעיסקי.

אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַ סך פרייד און שיינע איבערלעבונגען.

אוממעגלעך צו פאַרגעסן די ערשטע קינדער־פאַרשטעלונג אונדזערע „דער פרילינג קומט״. איך בין זיכער, אַז דאָס זענען געווען די ערשטע יידישע קינדער־אַרטיסטן אין דאָק־שיץ. וויפל פרייד דאָס האָט אונדז געגעבן, באַווייזט דער פאַקט, אַז איך געדענק נאָך היינט גאַנצע זאַצן און סצענעס פון דער פאַרשטעלונג: ראובעלע קאַזאַק איז געווען דער בייזער ווינטער, קריינעלע — די שיינע רויז, איך — די מלכה פרילינג, וועלכע וועקט אויף די בלימעלעך פון ווינטערדיקן שלאָף.

מיר יידישע קינדערלעך, וועלכע האָבן ניט געזען קיין בלום אין שטוב, האָבן אין קאַלטע ווינטער־אָונטן זיך פאַרוואַנדלט אין שמעקעדיקע בלומען אַ דאַנק דעם לערער מאַ־דעיסקי. אויב ער איז ערגעץ געבליבן לעבן, צי ווער פון זיין משפחה, זאָלן די פאַר ווער־טער מיינע ברענגען אים אַ דאַנק.

אַזוי ווי עס זענען ניט געווען קיין פינאַנסיעלע מיטלען אויסצוהאַלטן די אָונט־

קורסן, צו באַצאָלן דעם לערער, האָבן זיך די קורסן ליקווידירט — צום גרויסן באַדויערן און פאַרלוסט פון די קינדער.

די עלטערן האָבן אַבאָנירט די „פאָלקס־צייטונג". פאַר מיר און גרשונען — „די גריניגקע ביימעלעך". דאָס איז געווען אַ וווּנדערבאַרער קינדער־זשורנאַל. שפּעטער האָט די „פאָלקס־צייטונג" אויך אַרויסגעגעבן אַ קינדער־צייטונג אַלע וואָך: „די קליינע פאָלקס־צייטונג". דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען דער „בונד" איז געווען שטאַרק. שפּעטער האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע ניט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג, איר אָרט האָבן פאַרנומען די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — דער החלוץ, השומר־הצעיר, בית"ר. אויך ביי אונדז אין דער משפחה איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אויף דעם געביט.

אידעיִש זענען די עלטערן געווען בונדיסטן. אָבער אין שטוב האָט מען געגומען רעדן וועגן דער צוקונפט און תכלית פאַר די קינדער. שיקן מיך לערנען אין גימנאַזיע, איז געווען אַ חלום. לערנען מיך אַ פאַך, איך זאָל בלייבן שטעקן אין דאָקשיץ, איז אויך ניט געווען קיין צוקונפט. ס'האָבן זיך אַרומגעדרייט ייִנגלעך און מיידלעך פּוסט־און־פּאַס, אָן אַ ציל. דער איינציקער אויסוועג איז געווען אַריינטרעטן אין איינער פון די חלוצישע, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז געווען אומלעגאַל.

אַלס געוועזענע חברים פון „בונד", איז פאַר די עלטערן שווער געווען משלים צו זיין, אַז זייער טאָכטער זאָל זיין אַ מיטגליד פון השומר הצעיר. די דערציִונג, וועלכע זיי האָבן מיר געגעבן, איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש. ווען ניט די סכנה וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען אומלעגאַל, וואָלטן די עלטערן אַפילו מסכים געווען, איך זאָל גיין אין דעם וועג.

די יוגנט, וועלכע האָט ניט געהערט צו קיין שום אָרגאַניזאַציע, איז געשטאַנען פאַר גרויסע שוועריקייטן. יעדער האָט געצויגן צו זיך: דער החלוץ און השומר הצעיר מיט זיינע פריילעכע האָרא־טענץ און אויספלוגן, דער בית"ר — מיט די ברוינע מונדירן אין פאַרשידענע אָפּצייכענונגען. אויך דער קאָמסאָמאָל האָט געהאַט זיין צויבער.

מיט דער הילף פון מיין קוזין מענדל מאַרקמאַן (היינט — מנדל אשל), בין איך אוועק אין „השומר הצעיר". פאַר די עלטערן איז דאָס געווען אַ פראַגע פון געפינען אַ גוטע געזעלשאַפט פאַר דער טאָכטער. פאַר מיר איז עס געווען אַ לעבנס־פראַגע פון בויען זיך אַן אייגענע וועלט־אַנשויונג.

ביסלעכוויז האָבן זיך די עלטערן צוגעוווינט צו דער לאַגע. אין שטוב האָט זיך באַוויזן די ציוניסטישע צייטונג „דער היינט", וועלכע זיי האָבן אויסגעשריבן בשותפות מיט אַ שכן (דער „היינט" איז געווען מער ליבעראַלער). ביי ר' זלמן טייץ האָבן זיי גענומען דעם „מאָמענט". טראָץ דעם וואָס די פּרנסה איז געווען שוואַך, האָבן די עלטערן גע־

שפּאָרט פון אַנדערע זאַכן און אַבאַנירט דעם „פאָלקס־געזונט". איך, ווי אַ חברטע פון השו־מר הצעיר, האָב געדאַרפט לייענען די צייטונג „דאָס וואָרט".

אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָונטן, ווען די ניי־מאַשינען פלעגן אַ ביסל רוען, האָט די מאַמע פאַרגעלייענט פאַר די שותפים (חייקל דער קירזשנער, בערל פרייס) פאַרשידענע אַרטיקלען, איבערהויפּט די ראָמאַנען „אורקע נאַכאַלניק" און „יאָשע קאַלב". אַזוי אַרום האָט אין שטוב געהערשט אַן אַטמאָספער פון תורה ועבודה.

דער טאַטע איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין האַנטווערקער־פאַרבאַנד. אַלע זי־צונגען פון דער פאַרוואַלטונג און אַלע פאַרזאַמלונגען זענען פאַרגעקומען ביי אונדז אין שטוב. אויב אַפילו עס זענען ניט געווען קיין זיצונגען, פלעגן קומען צום טאַטן זיינע חברים פון דער פאַרוואַלטונג סתם אויף אַ שמועס: מולע קוגל, משה דער איינבינדער, מאַקס גאַלין, חיים רפאל גילענסאָן און אַנדערע, וועלכע איך געדענק ניט. די מענטשן זענען געווען געבונדן מיטן טאַטן צוליב געמיינזאַמער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי האָבן געהאַט אַ באַדערפעניש זיך צו טרעפן, דיסקוטירן, פּאָליטיזירן. ווייל ווי האָט מען גע־קענט זיין גלייכגילטיק צו „איטשעלעס בריוו", אָדער אויף משה קליינבוימס (היינט משה סנה) שאַרפער פען, און ווו האָט מען ניט געדאַרפט רעדן וועגן דעם, וואָס יצחק גרינבוים האָט געזאָגט אין סיים?



ועד הבאנק העממי (1929) • פאַרוואַלטונג פון דער יידישער פאָלקס־באַנק (1929)

אַ וויכטיק אָרט פאַר דיסקוסיעס איז געווען די חב״דער און סטאַראָשעלער שול. דער זיידע פלעגט קומען און דערציילן דער מאַמען, אַז דער טאַטע, מער ווי ער דאַוונט, שטייט אין „רעדלעך״ און רעדט פּאָליטיק. גלייכצייטיק פלעגט דער זיידע געבן אַ פרעג: „וואָס שטייט היינט אין די בלעטער ?״

דער זיידע ר׳ ישראל צדוקס איז געווען אַ הויכער, שיינער און קלוגער ייד, אַ פרומער, אָבער ניט פאַנאַטיש. די גרויסע וועלט האָט אים אינטערעסירט ניט ווייניקער ווי זיין זון, מיין טאַטע.

דער זיידע פלעגט זאָגן: „ווי דערלעבט מען דעם סוף פון די פּאָליאַקן!״ ער האָט זיי זייער פיינט געהאַט. אַז דער זיידע פלעגט קומען און אָנטאָן די אויערן־הערערס פון קליינעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וואָס איז געווען ביי אונדז און הערן די לידער „פון יענער זייט״, ד. ה. רוסישע לידער (דעמאָלט זענען געווען אין מאָדע דונאַיעווסקיס שיינע לי־דער), פלעגט זיך זיין פנים צעשיינען ווי פון אַ יונגן מענטשן.

שבת האָט די מאַמע שטענדיק מיך מיט גרשונען איבערגעגעבן דעם טאַטן און זי פלעגט צוגעבן: „פאַרגעסט נישט זאָגן דעם זיידן אַ גוט־שבת״.

ווי טראַגיש איז אַז אַ דור איז אויסגעוואַקסן און האָט ניט קיין זכרונות פון זיידן און באָבען.

ווי געזאָגט, איז שווער געווען מיט פרנסה. די מאַמע פלעגט שטיין אין קראָם און פאַרקויפן היטלען. אַזוי ווי זי האָט זיך באַציוגן אידל צו די פויערים, פלעגן זיי איר אָפּ־צאָלן מיט דער זעלבער מטבע. די פויערטעס פלעגן איר פאַרטרויען זייערע אינטימסטע סודות און ניט איין מאָל פרעגן ביי איר פאַרשידענע עצות.

אויך די מאַמע איז געווען טעטיק אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, ביים צוגרייטן אַ טיי־אָוונט, אַ קעסטל־אָוונט אדג״ל.

אַז ס׳פלעגט קומען אַ טעאַטער־טרופּע אין שטעטל אַריין, איז דאָס געווען אַ געשעע־ניש, ניט וויכטיק צי אמתדיקע קונסט, צי „כאַלטורע״. אָבער אַ יום־טוב איז דאָס געווען פאַר דעם שטעטל. כדאי צו דערמאָנען, אַז אויך אין דאָקשיץ איז געווען אַ דראַמאַטישער קרייז און די הויפּט־שפּילערין איז געווען שיינקע דעם גרעניצערס. איך געדענק זי אין דער ראָל פון לאהה אין „דיבוק״. איך בין נאָך דאַן געווען אַ קליין מיידל. די עלטערן האָבן געוואָלט איך זאָל זען טעאַטער און אַזוי אַרום מיך פאַראינטערעסירן אין די יידישע קלאַסיקער. בין איך געגאַנגען מיט אַ חברטע זען דעם „דיבוק״. כ׳בין געווען אַזוי איבערגעטומעלט פון איר שפּיל, אַז ווען דער דיבוק איז אַריין אין לאהן, האָב איך זיך דערשראָקן, צעשריגן זיך צוגלייך מיט איר.

די כוונה פון די עלטערן איז געווען אַ גוטע, אָבער פאַר מיר איז די פּיעסע געווען אַ צו שטאַרקע איבערלעבונג.

פאַר אַ זייער שווערן פּראָבלעם זענען געשטאַנען די עלטערן, אַז ס׳איז געקומען די

צייט, ווען איך האָב געדאַרפט אַרויס אויף הכשרה. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ נויטווענדיקייט. אָבער מ׳וועט זיך דאַרפן צעשיידן. דערווייל איז אויך גרשון אַריין אין השומר הצעיר. ס׳איז געווען שווער. מיר האָבן אויסגעמיטן צו רעדן וועגן דעם.

צו מיין מזל האָט אונדזער קן באַזוכט יוסף קאַפּלאַן ז״ל. חברה האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל אים איינלאַדן צו אונדז אין שטוב. זיי האָבן אים דערקלערט די סיבה. די עלטערן האָבן מסכים געווען, די מאַמע האָט צוגעגרייט אַ שיינעם אָוונטברויט.

יוסף קאַפּלאַן האָט דערציילט מיינע עלטערן דעם גאַנצן אמת וועגן שווערן לעבן פון הכשרה. דער צוטרוי, וואָס ער האָט אַרויסגערופן ביי די עלטערן, האָט געגעבן רעזול־טאַטן. מיר האָבן אָפּגעאָטעמט. די עלטערן האָבן געוווּסט, וואָס פאַר אַ שווערער וועג עס שטייט מיר פאָר. פּאָליטיש זענען זיי געווען קעגן, אָבער זיי האָבן געוווּסט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין ברירה — און מיינע געוועזענע בונדיסטן האָבן מיט אַ שווער האַרץ מיך באַגלייט אויף הכשרה.

אַז איך בין געקומען אַהיים זיך צוגרייטן צו דער עליה, האָב איך געפונען דעם טאַטן נאָך מער טעטיק. זיין גרויסער חלום איז געווען, אַז די מיטגלידער פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד זאָלן האָבן זייער ווינקל, זייער אייגן אָרט, ווו זיי זאָלן זיך קאָנען טרעפן, פאַר־זאַמלען. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו, האָט מען געדונגען אַ צימער און דאָרטן איז געווען דער אָנפאַנג פון קלוב פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד.

פאַר מיין עליה האָט מען שוין געשפּירט אין דער לופט, אַז עס גרייט זיך אַ מלחמה. דער אַנטיסעמיטיזם האָט דערגרייכט אויך צו אונדז. די לאַגע איז געווען אַ געשפּאַנטע. מ׳האָט גענומען זאַמלען זאַלץ, זייף.

דער לעצטער טאָג פאַר דער עליה איז געווען דער שווערסטער. מיין עליה איז גע־ווען אַן אומלעגאַלע. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ סוד. איך זע נאָך היינט אַלע, וועלכע זע־נען געשטאַנען אין די טויערן און באַגלייט מיך מיט אומעטיקע אויגן, מיטגעבנדיק מיר זייער ברכה.

אַזוי האָב איך זיך צעשיידט פון מיין שטעטל און פון מיין משפּחה...



# חיים זמירי

## (מתולדות חייו)

חיים נולד בעיירה דוקשיץ, גליל וילנא, בשנת 1908 — להוריו ציפי ואריה סולוביי. הוריו עסקו במסחר והתפרנסו בשפע. תודות ליושרם ונאמנותם, היו מקובלים מאוד על תושבי העיירה והאכרים בסביבה.

את חינוכו הראשון קיבל בחדר, אצל מלמד „מתקדם". הרבי היה מאוד אהוב על חיים ותמיד היה מזכירו לטובה. במקביל לחדר, ביקר בבית־ספר רוסי ופולני. היתה זאת תקופה של חילופי שלטון באיזור. לא היה לו לחיים יחס חיובי לבתי־הספר הנכריים ועם יסודו של ביה"ס „תרבות", עבר גם הוא ללמוד בו.

בתקופה זו נוסד „החלוץ הצעיר" בדוקשיץ. חיים וחבריו היו בין הראשונים שהצטרפו לתנועה, ומיד התבלט בתכונותיו האופייניות, והן: נאמנות, יושר, להט, כוח שכנוע ומעל לכל הגשמה עצמית. סגולות אלה העלוהו לדרגת הארי שבחבורה ורבים מבני גילו צעירים וגם מבוגרים ממנו, נמשכו אליו והושפעו ממנו.

בגיל 17 יצא להכשרה חלוצית והתכונן לעליה. אך הדבר לא ניתן להגשמה בגלל מחסור בסרטיפיקטים. חיים חוזר הביתה ובתקופה זו הוא מייסד סניף „השומר הצעיר" לעיירה וסביבתה. עם יסודו של „השומר הצעיר" אין חיים עוזב את „החלוץ" — הוא ממשיך פעילותו בסניף, ונושא בעול החזקתו בתור בוגר „השומר הצעיר".

משימות רבות הטיל חיים על עצמו והן: החזקת בית הספר „תרבות", אשר היה מחוסר מקורות כספיים; פעילות בקרנות ציוניות וארץ־ישראליות, ובעיקר עסק במשיכת נוער וילדים לשורות התנועה. חיים היה הרוח החיה בכל הפעולות. לשם השגת הכספים הדרושים, היו מארגנים „בלימל־טעג", („ימי פרח"), נשפיות, הצגות חובבים („מכירת יוסף", „טוביה החולב", „הדיבוק" וכו') וחיים שיחק בהם תפקידים ראשיים; כמו כן יצאו לעבודות עונתיות אצל בעלי אחוזות בסביבה בחפירת בורות, קצירת שחת וכו'. באמצעים אלה הוחזק בית הספר „תרבות"; כספי הקרנות נשלחו בקביעות לארץ. „דבר" — עתון פועלי ארץ ישראל, נתקבל לסניף בקביעות.

מאבק קשה היה ל„החלוץ" עם תנועות יריבות בעיירה, שעמדה ממש על יד הגבול הרוסי, בה רבה היתה ההשפעה הקומוניסטית; גם הרוויזיוניסטים מצאו שביל ללב הנוער

מהשכבות העשירות יותר. רבה היתה המלחמה על כל נפש והיריבים נוכחו לדעת, שנגד חיים וחבריו אין לעמוד.

חיים כשלעצמו לא מצא סיפוק מלא בכל פעולותיו — הוא שאף לעלות ארצה. בשנת 1931 יצא להכשרת קבע והפעם החלטתו נחושה: לא לחזור לעיירה, עד שתתאפשר לו העליה ארצה. הוא מצטרף לארגון „מסילה", כיום קיבוץ מסילות. באירגון זה פעל חיים כמחצית השנה ועבר להכשרת „החלוץ" — קיבוץ תל־חי, אשר קיים פלוגה בביאליסטוק. פלוגה זו היתה בראשית יסודה, ומספר חבריה מועט. חוסר עבודה, רעב ומצב חברתי ירוד שררו בה. עם כניסתו מתחיל חיים בביסוס המקום. ימים שלמים התרוצץ והתדפק על דלתות בעלי בתי־החרושת בביאליסטוק ובכוח השכנוע שלו הצליח להסביר להם שהחלוצים יודעי עבודה הם. לשם הוכחה הוא מופיע בכל מקום עבודה קשה; בכוח רצונו ובתבונתו, היה מתגבר על הקשיים הפיזיים ונותני העבודה היו מזמינים עוד מספר חלוצים, בתנאי שיעבדו כמוהו.

חיים אינו מזניח גם את חיי החברה. הוא איננו מוותר על עקרונות, שומר על גיבוש החברה ועל שלימותה. הוא מצליח לקשור קשרים עם חוגים ציוניים רחבים בביאליסטוק ובכך הוא מוציא את הפלוגה מבדידותה החברתית והכלכלית.

מגמתו של מרכז „החלוץ" היתה להרחיב את ההכשרה החלוצית ולחדור לערים הגדולות. חיים נשלח לגרודנא לכיבוש עבודה ויסד נקודת הכשרה חדשה. גם בגרודנא דמו התנאים לאלה אשר בביאליסטוק, ואחרי תלאות וקשיים מרובים, נוסדה פלוגה, אליה התחילו להגיע חלוצים מכל רחבי פולין להכשיר עצמם לעליה לארץ.

מתוך שיקוליו של מרכז „החלוץ", נמסרת הכשרת גרודנא ל„השומר הצעיר" ובעקבות שיקולים אלה נאלצים חברי הפלוגה המסונפים לתל־חי להתפזר לנקודות הכשרה אחרות. חיים קיבל את הדין ויצא להמשך הכשרתו ללידא.

עם פתיחת שערי הארץ וקבלת הסרטיפיקטים הראשונים, אושרנו חיים ואני לעליה. בפברואר 1933, אחרי הכנות קצרות בבית — עלינו.

הגענו ארצה ונשלחנו ישר לעין־חרוד. בשנה הראשונה לא מצא חיים הער והתוסס, שטח פעולה מתאים לאופיו במשק מבוסס. הוצעו לו הצעות שונות של פעילות בתנועת הנוער־העובד, אך חיים לא נמשך לזה, אותו משכו ההרים ומרחבי העמק, אותם אהב מרגע שרגליו דרכו על אדמתם.

בשנת 1934 נולדה בתנו נורית. חיים היה מאושר, כל רגע של פנאי הקדיש לה.

בחיפושיו אחרי ענף ראשוני, נמשך לרעיון הקמת ענף הצאן במשק. לא היתה נטיה בהנהלת המשק לקבל רעיון זה, כאשר הכשלון הראשון בגידול צאן בעין־חרוד היה זכור עוד לכל החברים, אך בכוח רצונו ובעזרת מספר חברים מועט, ביניהם יצחק רפאלי ז"ל ומוטקה יב"ל, שכנעו את המתנגדים. חיים יצא להכשרה קצרה באילת־השחר ובשנת 1936 נרכש הצאן.

עבודתו עם הצאן תפסה את כל ישותו של חיים. כל הישג מקצועי — עליה בתנובת החלב, כל המלטה, היו לו למקור שמחה; במיוחד היה מאושר כשהתחיל לעסוק, בהדרכתו של ד״ר פינצ׳י ז״ל, בטיפוח הצאן. בעבודה זו נתגלה לו עולם ומלואו, כל רגע של פנאי היה קודש לעיון בספרות מקצועית ולימוד הגנטיקה (תורת התורשה).

עד השעות הקטנות היה יושב עם ד״ר פינצ׳י ז״ל ועם מוטקה יב״ל ועבודתם קודש ליסוד ספר העדר. ברם, עם כל עסוקיו וטרדותיו, לא שכח את המשפחה, כי רבה היתה אהבתו ושיתף אותנו בכל הישגיו וכשלונותיו — לא יכול בלעדינו. כל עניני הצאן התקיימו בחדרנו הצנוע.

בשנת 1944 נולדה בתנו אביבה ואחרי שנתיים — ציפי.

שנה לפני מלחמת השחרור, נקרא חיים למלא תפקיד של רכז קניות במשק ועם סיום תפקידו, נדרש ע״י ארגון הנוקדים להדרכה בצאן. חיים היסס רבות — לא היה ברצונו לעזוב את העבודה בצאן, אולם בריאותו היתה רופפת וסבל ממיחושים שונים. אחרי שיקולים, נענה חיים לדרישת הארגון.

היה יוצא לעבודה בבוקר וחוזר מאוחר בערב וכל זמנו הפנוי היה קודש לעדר בבית וקשריו עם הרועים היו הדוקים. הוא המשיך בניהול ספר העדר ועבודה זאת עשה בשבתות ובחופש.

עם הקמת המדינה, יוצא חיים לארצות המזרח־התיכון מטעם משרד החקלאות לרכוש צאן.

בשנת 1951, עם פרוץ הפילוג בעין חרוד, נולדה בתנו זוהר.

משבר קשה עבר על חיים בפרוץ הפילוג. כיון שלא היה איש פוליטי, לא יכול היה להשלים עם הרעיון שמשק וחברה ייהרסו בגלל נגודים פוליטיים.

מראשית הפילוג קבע לעצמו עמדה, שיש הכרח להגיע לעבודה והסדר בדרכי שלום וחברות. בעמדה זו היה עקבי, למרות כל ההתרחשויות הטרגיות במשק. דעותיו לא היו מקובלות על רוב חברי שני הפלגים וחיים פרש מפעילות והתמסר שוב לעניני הענף. באותו זמן הוא נוסע לתורכיה לקניית צאן והבאתו ארצה, אך לבו נתון לנעשה במשק. מכתביו מלאים צער וכאב. מצב בריאותו באותה תקופה לא היה מעודד, וכבר בהיותו בתורכיה נתגלתה אצלו מחלת־לב.

עם החרפתו של המאבק בעין־חרוד, חדרה ההכרה אצל רבים מהחברים במשק, שאין מוצא אחר, אלא דרך הסדר של הידברות ופשרה. חיים, עם מספר חברים שהיו תמימי דעה עמו, נרתמים לשיקום עין־חרוד — חלוקת הענפים היצרניים ושיקומם. השגת האמצעים הדרושים תופסים את כל זמנו ומחשבותיו — לשיא הפעילות והמתח הגיע חיים בימים ההם.

בשנת 1956, בימי מבצע סיני, גויס חיים עם רכב של המשק ועם הצבא הגיע עד לאיסמעליה. היה גאה על מבצע זה ומאושר על הזכות להשתתף במערכה זו.

עם שיקומו של המשק, על הגבעה, פורש חיים מתפקידו וחוזר לפעילות בצאן וזמן מה לאחר מכן התמנה חיים למדריך ארצי לענף הצאן, במינהל ההדרכה.

עם התקבצות שארית משפחתי בארץ, אחותי ובנה מרוסיה, 2 בני־אחותי מדרום אפריקה — מתמסר חיים לסידורם, דואג לכל בעיותיהם, והם מוצאים בו תומך ומשענת בקליטתם בארץ.

בפברואר 1962 אחרי חזרו מביקור בנגב, נתקף בהתקפת־לב קשה. חייו היו בסכנה. עם החלמתו, דרשו ממנו הרופאים לנקוט באמצעי זהירות, כי רבה הסכנה לחייו. ברם, כל כללי הזהירות המקובלים במקרים כאלה, לא התאימו לאופיו של חיים.

חיים ממשיך בנסיעותיו, מוסיף לעצמו עיסוקים ותפקידים. התקופה ועבודתו מחייבים אותו להתקדם והוא לומד ומלמד אחרים כדרכו. בסתר לבו ידע את מצבו, מכונס היה בתוכו ורק הקרובים לו ביותר ידעו מהמתרחש בקרבו, וכאבו יחד עמו.

שלוש שנים חיינו עם גזר־הדין המר. כל יציאה שלו לדרך היתה מלווה בדאגה. מה רבה היתה החרדה, כאשר איחר לשוב.

לא היה גבול לאהבתו, ולתשומת הלב שהיה מקדיש לכולנו. מותו לא בא כחטף, אבל מה רחוקה המציאות מהמשוער.

מוכי אסון ושבר נעזבנו על ידו.

נסיה

*

## פרקי חיים

בני דודים היינו, חיים ואנוכי...

דמות מרכזית במשפחתנו היתה סבתנו, שהתבלטה בפעלתנותה. לאחר שהתאלמנה, היה עליה לקיים משפחה גדולה (שנים עשר בנים). אשה חרוצה היתה וניהלה עסקי מסחר נרחבים. לנו, לנכדיה, היתה מספרת, שקשריה הגיעו עד ראשי השלטון הצארי והצליחה להשיג מהם זכויות שלא כל היהודים זכו להן (אז היו אזורים שליהודים הכניסה היתה אסורה וכן הוגבלו במסחר וכו׳). היא התפארה, שאת עסקיה הגדולים ניהלה על פי הזכרון, כי קרוא וכתוב לא ידעה.

את מיזגו ופעלתנותו ירש חיים ללא ספק מאם המשפחה, וכן ירש ממנה את הכשרון האירגוני אשר הצטיין בו מאוד.

אביו לייבה (אריה) ואמו ציפה (צפורה) מבני דוקשיץ היו, שניהם ניהלו בית מסחר גדול, לפי מושגינו, לחמרי בנין, צבעים, ציוד חקלאי מגוון, מכשירי תאורה, צרכי־מזון וכו׳. הכל הקימו בכוחות עצמם בהצלחה בלתי רגילה, ונחשבו לחנוונים האמידים בעיירה. הלקוחות היו איכרי הסביבה אשר רחשו אמון לבית סולוביי, כי הכפריים היו בטוחים שנוהגים כלפיהם ביושר ובתום לב.

שלושה ילדים היו במשפחה: חיים, שמואל ואחותם לאה. האב נפטר והאם ושני הבנים, אשר בינתיים נישאו ונולדו להם ילדים, נשארו בגולה. כולם הושמדו בשואה, ומלבד חיים ז״ל ומלבדי, לא נותר איש מכל משפחת סולוביי.

לאה אחותו למדה בגימנסיה מחוץ למקום ושמואל — בגימנסיה שבדוקשיץ.

יש לציין, שדוקשיץ היתה עיירה ספוגת תרבות יהודית וכללית והיהודים היו חסידי חב״ד נלהבים.

כאשר האח והאחות המבוגרים מחיים, סיימו את חוק לימודיהם, הם השתלבו בעסק של הוריהם. חיים עצמו עבר גלגולים שונים בבתי־הספר של העיירה — תחילה למד בחדר ובגיל 10 עבר לגימנסיה הרוסית. עם כיבוש העיירה ע״י הפולנים, בשנת 1920, הוקמה בה גם גימנסיה פולנית, אליה עבר חיים ללמוד.

בעיירה היתה הפעולה הציונית בשלב התעוררות, והוקם בה בית־ספר מיסודה של „תרבות״. חיים, מרצונו הוא, עזב את הגימנסיה הגויית והחל ללמוד בביה״ס של „תרבות״. מפליא הדבר — בית הוריו לא היה ציוני ורק אחיו שמואל קלט מהרוחות הנושבות בעולם היהודי ועסק קצת למען קרן הקיימת לישראל. ממנו שאב חיים את כמיהתו לציון.

לביה״ס „תרבות״ נהר רוב הנוער של דוקשיץ. אחד המורים ושמו תמרקין, ציוני נלהב היה והפיח רוח לאומית בתלמידיו.

חיים עוד ביושבו על ספסל הלימודים אירגן אסיפות נוער בעיירה, מזמין מרצים להרצות על הארץ ועל הציונות. המורים היו עפי״ר בעלי נטיות כלל ציוניות, אך היו גם כאלה שנטו לציבור הפועלים. באמצעות אחד המורים, חיפש חיים את הדרך לארץ־ישראל העובדת. הוא בז לחיי המסחר וראה בחלק העמלני של האוכלוסיה את דרכו בעם. כך הגיע ל„השומר הצעיר״, והוא הזמין לעיירתנו את שמעון פלוטניקוב (כיום חבר גן שמואל) לספר לנו על תנועה זו.

זכורני, כי התכונה לקראת הביקור היתה רבה, ובכנס הזה השתתף רוב בני הנוער בעיירה. אז הכריז חיים על הקמת קן „השומר הצעיר״ והוא עמד בראשו. הוא הביא לעיירתנו את כל שיטות החינוך של „השומר הצעיר״ — צופיות, אירגון גדודים וכו׳. את ראשי הגדודים הוא קבע, ומשך לתנועה אפילו אותו חלק מן הנוער שהיה רחוק מהציונות בכלל ומארץ־ישראל העובדת בפרט. אפילו נוער ריקני מהרחוב נמשך לתנועה זו.

הסתדרות „החלוץ״ בעיירתנו כללה את כל תנועות הנוער של ארץ ישראל העובדת (מלבד השוה״צ, היו גם „גורדוניה״ ו„החלוץ״). במפגשי נוער אלה הכיר חיים את חברתו בעתיד, נסיה, שהיתה ב„החלוץ הצעיר״. רבים החברים מהימים ההם, נמצאים כיום בארץ ומפוזרים בקבוצים שונים. חניכי השוה״צ נמצאים בעין־שמר, מענית, חצור, דן ובית־זרע.

בהופעתו ב„החלוץ״, היה חיים דמות מרכזית ובלט בכשרונו לדבר ולשכנע. חניכיו

בקיבוצים זוכרים אותו לטובה על כי השפיע עליהם לנטוש העיירה ולהשתרש במולדת.

בשנת 1930 הגיע חיים להכשרה, יחד עם חברי הכשרת „מסילה" — כיום קיבוץ מסילות.

הגורמים לעזיבתו את ההכשרה הזאת היו על רקע חברתי, ואולי גם קצת ספקות פוליטיים. הוא הצטרף להכשרת תל־חי של „החלוץ", שם נמצא יחד עם חבריו מ„החלוץ" בדוקשיץ, אליהם היה קשור עוד בעיירתנו.

בשלהי שנת 1933 עלה חיים ארצה על אף התנגדות הוריו אשר ביקשוהו להישאר עמם ולעזור להם במסחר.

בעלייתו ארצה, ראה חיים לא רק הגשמה אישית וחלוצית, כי אם גם דוגמה לכל הנוער המפקפק והמהסס לעזוב את הגולה. והוא עשה זאת למרות הכרתו שנוכחותו בחו"ל הכרחית, כמדריך ומארגן ב„החלוץ".

עליתי ארצה כשנה אחרי עלייתו של חיים והוא הקרוב היחידי שהיה לי בארץ. את השבת הראשונה ביליתי עמו בעין־חרוד. מאוד רצה להנעים לי את הביקור, רתם זוג בהמות וטיילנו בסביבה וכל הזמן לא פסק מלתאר את יפי הטבע ולהסביר לי את יכולת הקליטה בארץ. בהיותי בעין־שמר, היו הפגישות עם חיים נדירות — כל אחד מאתנו טרוד היה בעניניו הוא, אולם הילדים שנולדו לנו, הם הם אשר גרמו לבקורים הדדיים. חשנו כיצד חיים מתקשר לילדי. איש לא פילל כי לפתע יקרע החוט.

במשפחתנו היה לי חיים כאח בוגר, רב נסיון, ולא פעם כתחליף להורים. בני היו קשורים לחיים באופן בלתי רגיל, באהבה ובהערכה רבה. כולנו אהבנוהו. לכן כה עמוק היגון על מותו ללא עת.

שמואל זמיר

(עין שמר)

*

**ל ז כ ר ו**

חיים איננו. היאומן ?... עדיין ממאן הלב להכיר במציאות קודרת זו. האמנם לא נוסיף לראותו עוד ? זה עדיין לא חדר להכרה.

דוויה ומלאת צער, אנסה להעלות שמץ ממה שאפשר לכתוב על חיים ידידי היקר, המסור והאהוב. דלות המלים מלמצות את מה שהלב מרגיש. קשה עדיין להעלות את דמותו, נדמה שהוא עדיין מהלך בתוכנו.

קרוב היה לי חיים — כאח. מתוך רצון כן לשתף עצמו בפתרון הבעיה המציקה לך, הוא מחדש בך את האמונה בטוב. חוטים של חיבה והערכה עמוקה קשרו אותי אליו.

אם כי גדלנו יחד בעיירה אחת, לא הכרתיו, עד שנפגשנו ב„החלוץ". החינוך שלנו היה שונה — אני למדתי בבית ספר רוסי והוא קיבל חינוך עברי והשפה העברית היתה שגורה בפיו משחר ילדותו. והנה נפגשנו ב„החלוץ" שהוא היה בו בן־בית. לא קשה היה לו לזרוק מאחוריו את כל הרגלי הנוער בתקופה זו, ולהתמסר כולו לדרך החדשה אשר האירה את כל החיוב שבה, והבליטה את חוסר התכלית בחייו של הנוער בעיירה.

אישיותו הלהיבה את כולם בפשטותה, במסירות ללא גבול. הוא הקים סניף של „השומר הצעיר", בו התרכזו ממיטב הנוער. ימים ולילות הקדיש להסברה, לחינוך ולפעולה. הצליח להצית זיק של תקווה בכולנו — חשנו שיש בעד מה להלחם, כי לא ישב עוד נוער יהודי עם ההורים, בפינה חשוכה בגולה ויבלה את יומו בחנות או בקניית תבואות אצל הגויים בשוק — יש משהו נעלה יותר.

חיים היה הראשון שיצא להכשרה ל„תל־חי". ואחריו המשיכו רבים, למרות התנגדות ההורים.

אני עליתי ארצה לפניו ולא עקבתי אחרי פעולתו בגולה עד הסוף, אך העובדה שרבים, רבים מחניכיו מפוזרים בכל הקיבוצים ובכל זרמי התנועה — מעידה כמאה עדים מה מבורכת היתה פעולתו.

קיבלתי את פניו של חיים בעלותו ארצה, בנמל יפו בשנת 1933. בזמן הזה הייתי קשורה לחיים לא רק קשרים חברתיים, ידידותיים, כי אם גם קשרים משפחתיים והייתי מאושרת שאחותי נסיה קשרה את חייה עם חיים. לוויתי את הליכתם לעין־חרוד בחרדת מה — האם חיים התוסס, בעל המרץ הבלתי רגיל ימצא את מקומו וסיפוקו בעין חרוד הבנויה, המבוססת, בו בזמן שבארץ מפוזרות פלוגות מקובצות במושבות ונלחמות לעבודה עברית, לכיבוש העבודה בפרדסים ובכל ענפי העבודה בארץ?

ברם, עד מהרה גיליתי את חיים מחדש. גם בעין חרוד לא לקח מהמוכן; גם שם מצא מה לכבוש — הוא בחר בענף ראשיתי במשק זה. את פעליו בענף הצאן אין צורך לתאר, כי מעשיו ידועים ועוד יסופרו מדור לדור ובני המשק יספרו זאת לנוער המתחנך, מה פעל חיים בענף חלוצי זה.

עברנו יחד עם חיים תקופות חיים, ולא כל תקופה היתה זוהרת, אך כמעט תמיד היתה ידו על העליונה בפתרון הבעיות שהתעוררו. אישיותו, רבת צדדים ועשירת מעש היתה.

רבות השקיע חיים בבנין ובשיקום עין־חרוד איחוד, בגאוה ובמסירות היה מלווה כל תכנית, כל בית וכל מבנה במשק. בימי המאבק ידע להבדיל בין טפל ועיקר, והעיקר אצלו היה — לצאת למרחב ולבנות את המשק החדש.

נדם הלב הרחב והטוב. הנני מזועזעת ומוכת תדהמה גדולה אשר לא תחלוף במהרה. איך אפשר לכתוב עליך אחי חיים היקר, כשמציאות הסתלקותך עדיין לא חדרה

לכל תאי המוח והלב. נעקרת בחטף, כשכולך קשור ומסור לענינך, למשפחתך ולכולנו, ומוכן להטות שכם לפתרון בעיות חיינו.

**דמותו תשמש לנו נר תמיד שיאיר דרכנו. יהי זכרו ברוך לעולמי עד!**

(יפעת) בילה

*

**דברי בני עיר וחניכים לזכרו של חיים**

עיירה קטנה על הגבול הרוסי. רחובות קטנים, סימטאות מאוכלסות בצפיפות; שוק במרכז העיירה, וחנויות קטנות אשר בקושי פירנסו את המשפחות. כאן נולד חיים.

נקודת האור בחיי היום יום האפורים, היה הנוער המאורגן בתנועות החלוציות. חיים צמח בתוך הנוער הזה, וגדל יחד עם התנועה.

הוא היה בשבילנו הצעירים ואף לרבים אחרים — כתובת.

אני זוכרת אותו: רחב כתפיים, לבוש מעיל עור קצר, סיגריה בפה, מצח רחב ועינים טובות, אך נוקשות.

עירני, פעיל ומפעיל. עקבי וישר עד אין גבול. לא התביש לאמר את אשר בליבו, אם ראה זאת לנכון. סגולות אלו לא הקלו על חייו של חיים, אך עוררו כבוד אצל מתנגדיו (והיו כאלה), והערצה — אצל חבריו הרבים.

אכן, חייו לא היו קלים, אך הוא יכול היה אחרת. כל כך דינמי היה שפעמים נדמה שהוא מחפש את הקשה.

היינו אומרים לו: „חיים תוריד קצת מהמתח" הוא לא רצה לשמוע על זה. היה נאבק, מתגבר ובא על סיפוקו. רק לחיות, לחיות חיים עשירים, מלאים וערים.

איש עממי היה, בעל הומור טוב, אהב לשמוח, נאמן לעבודה, לתנועה וידיד לכל אדם.

(עין שמר) שרה רוזוב

*

**פעילותו של חיים ז"ל בדוקשיץ**

כל מה שהתרחש בשעתו בעיירתנו דוקשיץ, אפשר להבין על רקע המצב הכלכלי שהתהווה בה עם כיבושה ע"י הפולנים בשנת 1920. הגבול הרוסי היה במרחק מה מדוקשיץ. רוב תושביה של העיירה היו בעלי־מלאכה או חנוונים והתפרנסו מהאיכרים שבסביבה. התמורות בשלטון הפסיקו לרבים את מקורות הפרנסה.

תנאי החיים הורעו מיום ליום ועניות מנוונת שררה בעיירה. רבים מאתנו התהלכו

רעבים וקרועים. הנוער היה שרוי במצוקה וחיפש דרכים להחלץ מניוונו. חלק גדול מהצעירים הצטרף לקומוניסטים (שפעלו במחתרת) וחלק ל„בונד". ראינו את האידישיס־טים כגוף אחד, שאי אפשר להבדיל ביניהם, וכידוע היו להם פתרונות משלהם לצרת היהודים.

מול גוש זה קם נוער חלוצי, שחתר לציון. לעיירתנו הנידחת הגיעו קולות הבשורה החדשים. וכאשר קם אצלנו קן „השומר הצעיר", היה חיים בין ראשי תנועה זו. הודות לפעילותו של חיים, היה הסניף שלנו לתפארת התנועה. כהוכחה לכך תשמש העובדה שרבים מחניכי השוה"צ מדוקשיץ נמצאים בארץ בקיבוצים.

קן „השומר הצעיר" בדוקשיץ עיירתנו, הפיח בה רוח רעננות. צלילי השפה העברית נשמעו ברחובותיה. שירים עבריים, רקודים נלהבים, שיחות ערות, ערבי תרבות — כל אלה משכו אליהם נוער רב.

באותה תקופה קיים היה בעיירתנו בית הספר „תרבות", אך בסיס איתן לא היה לו, עקב הדלות, לא שילמו רבים מהתלמידים שכר לימוד. לשם פתרון בעית ביה"ס, נחלצו אנשי „החלוץ" שבעיירה, יחד עם חברי השוה"צ, למביצעים רבים ושונים, כגון חטיבת עצים ביערות למכירה, אפיית מצות בערב פסח תמורת שכר מועט, ו„ימי סרט" ברחובות וכו'.

אחת הפעולות שהרבו את הכנסותיו, היו ההצגות שנועדו לקהל הרחב. הצגה אחת זכורה לי היטב — „הדיבוק" לאנסקי, חיים שיחק בה את תפקיד הרבי ובהצלחה רבה. בדרך כלל היה חיים משחק ברוב ההצגות את התפקידים הראשיים.

נוסף לכל המפעלים שעשינו למען ביה"ס „תרבות", היינו הולכים לבעלי־הבתים האמידים בעיירה ותבענו מהם לתרום כספים למען קיים את המוסד הזה, כמו כן היינו מדברים על לב ההורים, לבל ישלחו את ילדיהם לבתי־הספר הפולניים ושיעבירום ל„תרבות".

דאגתנו היתה נתונה לא רק לבית הספר העברי, שהיה נסגר כאשר אזלו האמצעים להחזקתו, אלא אף לילדים — רבים מהם רעבו ממש ללחם ולא היה להם לבוש, נעליים וכו'. דאגנו במידת האפשר לכל מחסורם. בכתלי ביה"ס סודרה ארוחת צהריים חמה חינם. למטרה זו אף הצלחנו להשיג סכומים גם מהשלטונות, דבר שהיה כרוך בקשיים רבים.

את המורים השתדלנו להביא מוילנה (מרכז „תרבות"). מורים אלה היו חדורי רוח חלוצית וברוח זו חינכו את הנוער בעיירתנו.

ה„בונד" והקומוניסטים התרכזו סביב ביה"ס האידישאי. התחרות קשה היתה בינם לבין תנועת ארץ־ישראל־העובדת שמרכזם היה ביה"ס „תרבות".

חיים ז"ל היה בן לבית אמיד, ועל אף אמידותו ירד לשדרות העם המרודות והיה בין הפעילים ביותר בעזרתו לנזקקים. בזה שימש דוגמה לכל חבריו בעיירה.

העבודה לא היתה מועטה, צריך היה להשקיע עמל רב — היה צורך ללכת לכל אחד ואחד, לדבר על לבו, להשפיע ולשכנע. חיים היה מראשי העוסקים בשטח זה ובהצלחה.

מכיוון שב„החלוץ" התרכז החלק העני ביותר, היה צריך לדאוג לכל אחד באופן פרטי, להשיג אמצעים לנסיעת הצעירים להכשרה, לממן את העליה ארצה ואף לדאוג לבול־דואר עבור מכתב למרכז „החלוץ".

חיים התבלט ככוח עבודה נמרץ, כחבר טוב ומסור, כאיש התובע הגשמה עצמית ותמיד שימש כדוגמה לאחרים, נאה קיים כשם שהיה נאה דורש.

לא הייתי קשור לחיים בארץ, כפי שהייתי קרוב לו בעיירתנו, כי דרכינו נפרדו. כל אחד השתרש במשק אחר, אך גם מרחוק היה לי כאח.

(יגור) ישראל לויתן



# קוים לזכרו של אריה פוגלמן ז"ל
# שנפל במלחמת השחרור

### נולד ב־12 בינואר 1923, נפל ב־31 במאי 1948 ליד לטרון



בבואי לספר על אריה שלנו, תוהה אני ומשתהה: איזהו אריה אשר עליו אספר? אריה הילד החלוש בגולה? אריה הנער המתבגר במולדת? אריה המגשים? ואולי אריה שאיננו? אכן, פנים רבות היו לדמותו — דמות עלם, אשר לא זכה להתבגר.

בילדותו היה ילד חלש וחולני. הוא התייתם מאביו בגיל צעיר ולא זכה לשמוע דברי עידוד וחיבה ואף לא דברי מוסר. בן זקונים היה אריה, „ילד שעשועים" לאמו, אחיותיו ואחיו. ולמרות התנאים החומריים הרעים הוקרן אהבה וחמימות מכל בני משפחתו.

שנות ילדותו עברו עליו כעל כל ילד אחר בגולה, בלימוד בבית־ספר „תרבות", ובאווירה וסביבה עויינת המעוררת תשוקה וערגה לימים יבואו. את הפיצוי לחיי הגלות ולכל שאר מועקות הנפש, מצא בתנועת „השומר הצעיר", אליה הצטרף בגיל

צעיר. זכה למדריך אוהב, צבי מרקמן, אשר היה לו כאב וכחבר. נאמן היה לתנועה וקשור אליה בכל נימי נפשו וממנה שאב כוח לצפות אל העתיד ואל העליה לארץ.

בבית חל מיפנה, החלה תסיסה. האחות הבכירה עברה להכשרה לקראת עלייה לארץ. הלך־הרוח בבית השתנה ונושאי השיחות נסובו סביב הארץ, בעליה אליה וכל הכרוך בכך. חידוש הוטל באוירה הביתית וחתך את האוירה הגלותית היהודית.

מאז עליית האחות לארץ, חלף זמן רב, עד אשר החלו להאמין למכתביה ועד לרגע בו הוחלט להענות לבקשה לעלות לארץ ולהצטרף אליה ואל משפחתה. כשנפלה ההחלטה הגורלית, הוחל בהכנות, המלוות מתח לקראת העתיד.

העלייה לארץ עמדה בסימן פרידה מהאח המבוגר יותר, שמחה, אשר שירת אז בצבא הפולני. שנה לאחר תום שרותו, עת התכוון לעלות לארץ, פרצה מלחמת העולם השנייה. והוא מצא עצמו בשורות הצבא הפולני. עם כניסת גרמניה לאזורי הכיבוש של רוסיה, הצטרף אל הפרטיזנים ועבר דרך ארוכה, עד אשר עלה לארץ לאחר מלחמת השחרור.

עם עלות המשפחה (האם, האחיות ואריה) לארץ, חל שנוי מפתיע בדמותו של אריה. שוב לא היה זה לייבל׳ה הגלותי, כי אם הישראלי, ילד מתבגר, ההופך לנער. לומד בבית־ספר ישראלי, ביה״ס „פיקא״ בפתח־תקוה וחי בארץ המולדת. קומתו כאילו נזדקפה, פניו לבשו ארשת גבורה וגאווה. ישראלי מן המנין, השב אל המולדת ונאחז בה בכבלי אהבתו.

מיד עם בואו לארץ, הצטרף ל„השומר הצעיר״ ובו מצא את אושרו ושלימות חייו. כאן רכש את ידידיו הטובים ביותר ועמם צעד בנתיבות חייו, עד לדרכו האחרונה.

כאן הלכה דמותו, והתגבשה — ואהבתו לארץ גברה. כל פיסת שמים כחולים במולדת, כל ציוץ של צפור וריח האדמה, הרטיטו את לבו וכבשוהו, הפכוהו לקנינם הפרטי, האישי.

קשיי הפרנסה בבית לא הניחו לו להישאר שלוו בלימודיו. על אף הכרתו בחשיבות ההשכלה, לא מוכן היה להמשיך ולשקוד על הלימודים, בעוד אחיותיו נושאות בעול הפרנסה ודואגות לכל מחסורו.

בהחלטיות של מבוגר, על־אף היותו עדיין נער, נטש את בית־הספר ויצא להטות שכם לעול הפרנסה. הוא החל עבודתו בבית האריזה. תחילה כקוטף פרי, ולאחר מכן, לאור הצלחתו בתפקיד והשגיו, זכה לתפקיד אורז ועבר לעבוד ב„יכין״, כשהוא מאושר על האפשרות לסייע בפרנסת המשפחה.

את מקום ביה״ס החלה למלא תנועת הנוער, יותר ויותר זמן הקדיש ל„שומר־הצעיר״ הן כחניך והן כמדריך. התנועה הפכה לביתו השני ולאחר מכן — אף לביתו הראשון.

הוא שאף לקרבו את אויר הארץ, הדרה ויופיה, הושפע עמוקות מהנעשה סביבו ואהבה זה החדיר גם ללבות חניכיו הרבים אשר העריצוהו וראוהו כדמות שיש לחקות אותה.

בתקופת חייו זו, החל לכבוש את הארץ ברגליו. לא היה שביל, אשר לא צעד עליו ולא חש את רגבי אדמת המולדת מתחת לפעמיו. היתה זו התקופה בה החל העם

לגבש לעצמו שיטות התגוננות מפני הבאות. החלו אמוני נשק, התנהגות בשעת קרב, תכסיסי לחימה וכל שאר האמונים הדרושים לעם החייב להגן על ארצו ועל חרותו.

אמונים אלה שולבו במסעות להכרת הארץ, ונערכו במסגרת הסיורים, כדי להסתיר עובדה זו מעיני הבריטים, אשר לא ראו זאת בעין יפה.

אריה שהה ימים רבים מחוץ לבית בשל מסעות ואמונים אלה וגם בבואו, לא הרבה לשהות בחיק המשפחה. באותם ימים הוקמה הקומונה של תנועת „השומר הצעיר" בעיר והוא נמנה על ראשוני המצטרפים והפכה לביתו הראשון.

אולם, תקופת שהותו בקומונה לא ארכה. באותה עת, באה הקריאה להצטרף אל שורות הנוטרים וכדרכו, מיהר להענות לקריאה, ושירת כנוטר בוילהלמה.

הנער הפך לעלם, אשר יצא מהמסגרת המשפחתית ובחר לו את דרכו, דרך בה קשר גורלו בגורל העם והארץ. ומכאן, לא ארוכה היתה הדרך אל הקיבוץ וההגשמה.

במסגרת יציאת התנועה להתישבות, עבר לקיבוץ „שריד" שהפך לביתו האחד והיחיד. במשק ובחייו מצא את סיפוקו ודומה היה כי בא אל המנוחה ואל הנחלה.

רועה צאן היה וביציאה למרחב, ראה את התגשמות חייו. רועה מסור ונאמן, שכן המסירות והדאגה אפיינו אותו. דואג היה לאמו שנותרה לבדה, לאחיותיו שתלכנה בדרכו ותתנה כוחן ומרצן לתנועת הפועלים ולבנין הארץ, ולאחיו שנותר בנכר. תוכניות גיבש בלבו, כי עם עלות אחיו, יקח תקופת חופשה מהמשק, יצא לעבוד, כדי להרויח ולסייע לאחיו להסתדר בארץ.

את תקופת חייו במשק ניצל להשתלמות בשטחים שונים. הוא חש בחוסר ההשכלה וניסה להשלים זאת בכוחות עצמו. בין השאר למד גם ערבית, תוך תקוה לזכות ליצור קשר ושיחה עם שכנינו בימים טובים שיבואו.

השתלב יפה בחברה וידידיו הנאמנים נושאים זכרו בלבם לנצח, שכן חביב היה, ידידותי ואהוב.

עם פרוץ מלחמת השיחרור, מילא במשק תפקיד של מדריך צבאי. היה עליו לאמן את האנשים ולהכשירם להגן על המשק והחיים. אולם, הוא לא האריך בתפקידו. נמרצת היתה בקשתו כי יניחו לו להצטרף אל שורות הלוחמים. לאחר בקשות מרובות מצדו, נענה והצטרף אל הלוחמים.

השתתף בקרב משמר העמק ותגובותיו היו מלאות תקוה וגבורה. האמין, כי סוף הצדק לנצח, כאב את מות חבריו והבטיח לנקום בנצחון.

נשלח לקורס קצינים, לאחר שנמצא מתאים להיות לראש ולמנהיג בשל תכונותיו הטובות, אך הקורס לא האריך ימים. המלחמה התחזקה והיה צורך בתגבור שורות הלוחמים. הקורס הופסק והאנשים קיבלו לשורותיהם חיילים חדשים, עולים אשר זה עתה הגיעו ועמם יצאו אל הקרב, קרב שהיה עבורו הקרב האחרון — קרב לטרון.

גם יציאה זו אל הקרב באה לאחר שעמד על כך בכל תוקף, שכן, שעות ספורות

קודם לכן, חזר מפעולה ונצטווה לנוח. הוא סירב בטענה, כי אין לו מנוח בעת שאנשיו יוצאים לקרב והוא אינו בקרבתם.

קרב מר ונמהר היה זה. החיילים בלתי מנוסים, אינם יודעים להתגבר על פחדם, השפה והנשק זרים להם. מזג האוויר שרבי ביותר, מקשה על התנועה והאויב החזק מכסה הגבעה באש.

כאן, בדרכו האחרונה, הספיק להפגין גבורה נוספת ואהבת אדם. הוא נפצע והמשיך, כדי לא לזרוע מהומה בין שורותיו, ואז, עת ניסה לעודד שניים מהחיילים, אשר מגודל פחדם נותרו בשטח על אף הפקודה לסגת, באה פציעה נוספת.

בכוחותיו האחרונים שכנע את השניים לסגת ונותר בודד ולנצח... שוב לא זכה איש לראותו. תקופה ארוכה לא ברור היה, אם יזכה כי תובאנה עצמותיו לקבורה — אך לפחות לכבוד זה זכה.

קשה היתה המכה וניצחת, דמותו תישאר לעד חרוטה בלב משפחתו, חבריו וידידיו כשהכל דואבים וכואבים על גודל האבדה.

על אריה ועל רבים כמותו נאמר:

„ראי אדמה כי היינו בזבזנים עד מאד
פרחי פרחים בך טמנו רעננים ובהוד...
...אין לנו טובים מכל אלה. את הראית? ואיפה?...
...ברוך קרבנם בסוד מות כיפר חיינו בהוד
ראי אדמה כי היינו בזבזנים עד מאד!”. (טשרניחובסקי)

**אופירה (בת אחות)**



## אריה פאָגעלמאַן ז״ל — געפאַלן אין באפרייאונגס־קריג

געבוירן דעם 12טן יאַנואַר 1923, געפאַלן ביי לאַטרון דעם 31סטן מאַי 1948. זיינע קינדער־יאָרן זענען אים אַדורך, ווי יעדן יידיש קינד אין די גלות־לענדער. ער האָט גע־לערנט אין דער „תרבות״־שול. זיין פאַרגיטיקונג פאַרן טרויעריקן לעבן אין גלות האָט ער געהאַט אין דער אָרגאַניזאַציע השומר הצעיר, אין וועלכער ר׳האָט זיך אָנגעשלאָסן זייער יונג. ער האָט זוכה געווען צו אַ באַליבטן מדריך, צבי מאַרקמאַן, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו אים ווי אַ פאָטער און חבר. אריה איז געווען טריי דער באַוועגונג, צוגעבונדן צו איר מיט דער גאַנצער נשמה. פון איר האָט ער געשעפּט כוח פאַר דער צוקונפט און פאַר דער עלייה קיין ארץ־ישראל.

מיט אַמאָל איז אין זיין שטוב פאַרגעקומען אַ ווענדפּונקט, עס האָט זיך גערודערט. די עלטסטע שוועסטער איז אַוועק אויף הכשרה, כדי קענען עולה זיין. די שטימונגען אין דער היים האָבן זיך געענדערט, די טעמעס פון די געשפּרעכן — נאָר וועגן לאַנד און וועגן עלייה. דאָס איז געווען אַ נייעס און ענדערונג אין דער היים, גאָר עפּעס אַנדערש אין דער אַטמאָספער פון גלות.

אַ סך צייט איז פאַריבער זינט די שוועסטער האָט עולה געווען, ביז מ׳האָט אָנגע־הויבן גלויבן אירע בריוו און באַשלאָסן עולה צו זיין, כדי צושטיין צו איר און דער משפּחה. אַז דער באַשלוס איז געפאַלן, האָבן זיך אָנגעהויבן די פיבערהאַפטע צוגרייטונגען, באַגלייט מיט דערוואַרטנדיקער שפּאַנונג.

דאָס עולה זיין איז פאַרגעקומען אונטערן צייכן פון שיידן זיך מיטן עלטערן ברודער שמחה, וועלכער האָט דעמאָלט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי. אַ יאָר נאָכן ענדיקן זיין דינסט, ווען ר׳האָט זיך געגרייט צו קומען אַהער, איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. ער איז אַוועק אין פּוילישן מיליטער. מיטן אָקופּירן פּוילן דורך די דייטשן, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו די פּאַרטיזאַנער און דורכגעמאַכט אַ לאַנגן וועג, ביז ר׳האָט זוכה געווען ערשט נאָך דער באַפרייאונג צו קומען קיין ארץ־ישראל.

מיטן עולה זיין פון דער משפּחה (די מאַמע, שוועסטערן און אריה), איז ביים לעצטן פאַרגעקומען אַ געוואַלטיקע ענדערונג. דאָס איז שוין ניט געווען דער גלותדיקער לייבע־לע, נאָר אַ ישראלדיקער אונטערוואַקסנדיקער בחור, וועלכער ווערט שנעל פאַרוואַנדלט אין אַ יוגנטלעכן. ער לערנט אין דער פּיק״אַ־שול אין פּתח־תקוה, וואַקסט אַריין אין ארץ־ישראלדיקן לעבנס־שטייגער. זיין רוקן האָט זיך ווי אויסגעגלייכט, דאָס פּנים האָט אויס־געדריקט גבורה און שטאָלץ.

ווי נאָר ר׳איז געקומען אין לאַנד, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין „השומר הצעיר״ און דאָרט געפונען זיין גליק, באַפרידיקונג, די בעסטע חברים, מיט וועלכע ר׳האָט שוין גע־שפּאַנט צוזאַמען, ביזן לעצטן וועג.

דאָ, אין לאַנד, האָט זיך אַנטוויקלט און אויסקריסטאַליזירט זיין געשטאַלט און די שטאַרקע ליבע צו ארץ־ישראל. יעדער בלויער הימל־פּאַס אין הימלאַנד, יעדער צווי־טשער פון אַ פויגל און ריח פון דער ערד — האָבן געמאַכט ציטערן זיין האַרץ, אים גע־פאַנגען, פאַרוואַנדלט אין זיין פּריוואַט־אייגנטום...

די פּרנסה־פּראָבלעמען אין דער היים האָבן אים ניט געלאָזט רויק לערנען. הגם ער האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון די לימודים, איז ער ניט גרייט געווען ממשיך צו זיין אין שול, בעת זיינע שוועסטערן טראָגן דעם עול פון פּרנסה און זאָרגן פאַר זיינע באַדערפענישן.

מיט דער אַנטשלאָסנקייט פון אַ דערוואַקסענעם, הגם ער איז נאָך געווען אַ יינגל, פאַרלאָזט ער די שול און נעמט אויף זיך דעם עול פון פּרנסה. אָנגעהויבן האָט ער זיין

אַרבעט אין אַ פּאַק־הויז. צומערשט ביים אַראָפּנעמען די פּרוכט פון די ביימער, דערנאָך, צוליב דערפּאָלג און דערגרייכונגען, ווערט ער פּאַקער אין „יכין" און איז גליקלעך, וואָס ער העלפט מפרנס זיין די משפחה.

דאָס אָרט פון דער שול פאַרנעמט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע און ער ווידמעט וואָס מערער צייט דעם „השומר הצעיר" — סיי אַלס מדריך, סיי אַלס חבר. די באַוועגונג ווערט זיין צווייטע היים, שפּעטער — די ערשטע היים.

ער איז דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לאַנד. ניט געווען קיין סטעזשקע, אויף וועלכער ער זאָל ניט האָבן געשפּאַנט. דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען דער ישוב האָט אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן פאַר זיך אַ פאַרטיידיקונג־סיסטעם — ס'האָבן זיך אָנגעהויבן איבונ־גען מיט געווער, ווי אַזוי פירן אַ שלאַכט, קאַמפּס־מאַנעווערן און דאָס אַלץ, וואָס איז נייטיק אַ פאָלק צו פאַרטיידיקן זיין לאַנד און פרייהייט.

די אַלע איבונגען האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אין די מאַרשן צו דערקענען דאָס לאַנד און אַדורכגעפירט געוואָרן אין די ראַמען פון אויספלוגן, כדי פאַרבאַהאַלטן פון די ענג־לענדער דעם דאָזיקן פאַקט.

פיל טעג איז אריה געווען אויסער דער היים, צוליב די דאָזיקע מאַרשן און איבונגען. נאָר אַפילו ווען ר'האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטוב, איז ער דאָרט אויך ניט געווען לאַנג. אין יענער צייט זענען געשאַפן געוואָרן אין שטאָט די „קאָמונעס" פון „השומר הצעיר" און ער איז געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן און פאַרוואַנדלט די קאָמונע אין זיין ערשטער היים.

דאָס זיין אין דער קאָמונע האָט לאַנג ניט געדויערט. ס'איז געקומען דער רוף צו מאָ־ביליזירן זיך אַלס נוטרים און לויט זיין שטייגער, האָט ער זיך באַלד אָפּגערופן און געדינט אַלס וועכטער אין ווילהעלמאַ.

דערנאָך שליסט ער זיך אָן צו די, וואָס גייען אויף התיישבות און קומט אָן אין קיבוץ שריד, וואָס ווערט זיין איינציקע היים. דאָ האָט ער געפונען זיין באַפרידיקונג. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ר'איז דערגאַנגען „אל המנוחה ואל הנחלה".

ער ווערט אַ פאַסטעך און אין דעם געזען אַ פאַרווירקלעכטן טרוים פון זיין לעבן. אַ טרייער, איבערגעגעבענער פאַסטעך, ווייל אים האָט דאָך כאַראַקטעריזירט טריישאַפט און זאָרג. ער זאָרגט פאַר זיין מאַמע, וועלכע איז געבליבן אַליין, פאַר זיינע שוועסטערן, וועלכע זענען געגאַנגען אין זיין וועג און געגעבן פון זייער כוח און ענערגיע דער אַרבע־טער־באַוועגונג און דעם אויפבוי פון לאַנד, ווי אויך דעם ברודער, וועלכער איז געבליבן אין דער פרעמד. אַ פּלאַן האָט זיך ביי אים אויסקריסטאַליזירט, אַז מיטן עולה זיין פון זיין ברודער, וועט ער נעמען אורלויב אין קיבוץ, כדי אַליין פאַרדינען און העלפן דעם ברודער זיך איינאָרדענען אין לאַנד.

דאָס זיין אין קיבוץ האָט ער אויסגענוצט אויף צו פֿאַרפֿולקאָמען זיך אין פֿאַרשידענע געביטן. ער האָט געפֿילט, אַז אים פֿעלט בילדונג און פּרובירט לערנען מיט אייגענע כּוחות. צוו. אַנד. האָט ער אויך געלערנט אַראַביש, מיט דער האָפֿענונג אויסצוגעפֿונען קאָנטאַקטן מיט שכנים — אין בעסערע צייטן, וואָס וועלן קומען.

ווען ס׳איז אין יאָר 1948 אויסגעבראָכן די באַפֿרייאונגס־מלחמה, איז ער געווען אין קיבוץ מיליטערישער אינסטרוקטאָר. ער האָט באַדאַרפֿט אויסאיבן די מענטשן און זיי צוגרייטן צו פֿאַרטיידיקן דעם קיבוץ און די לעבנס. ער איז אָבער לאַנג ניט געווען ביי דער אויפֿגאַבע, פֿאַדערנדיק ענערגיש מען זאָל אים דערמעגלעכן צושטיין צו די קעמ־פֿערס. נאָך פֿיל ווענדונגען זיינע, האָט מען אים ענדלעך דערלויבט. ער האָט זיך באַ־טייליקט אינעם קאַמף פֿאַרן קיבוץ משמר העמק און זיין שלאַכט־דערפֿאַרונג איז געווען פֿול מיט האָפֿענונגען און גבורה. ער האָט געגלויבט, אַז גערעכטיקייט וועט סוף כּל סוף זיגן, ער האָט געוויטיקט דעם טויט פֿון זיינע חברים און געשווירן נקמה צו נעמען דורך אַ זיג.

ער איז געשיקט געוואָרן אויף אַן אָפֿיצירן־קורס, ווייל ר׳איז געווען ראוי דערצו אַ דאַנק זיינע גוטע אייגנשאַפֿטן. דער קורס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. די מלחמה איז זיך צעוואַקסן און מ׳האָט באַדאַרפֿט שטאַרקן די קעמפֿנדיקע רייען. דער קורס איז אי־בערגעריסן געוואָרן און זיינע אָנטיילנעמער, באַזאַמען מיט נאָר וואָס געקומענע עולים, זענען אַוועק אויפֿן פֿראָנט ביי לאַטרון, וואָס איז געווען זיין לעצטע שלאַכט.

זיין אַוועקגיין אַהין איז פֿאַרגעקומען אויך דערפֿאַר, ווייל ער האָט עס אויסדריקלעך געפֿאָדערט. מיט עטלעכע שעה פֿריער האָט ער זיך אומגעקערט פֿון אַן אַקציע און מ׳האָט אים באַפֿוילן זיך אָפּרוען. ער האָט אָבער דערפֿון זיך אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז ער קאָן ניט רוען, בעת זיינע חברים גייען אַרויס אין קאַמף און ער וועט ניט זיין מיט זיי.

דאָס איז געווען אַ ביטערער און שווערער טאָג מיט אומדערפֿאַרענע זעלנער, וועלכע האָבן נאָך ניט געוווּסט ווי אַזוי גובר צו זיין דעם פּחד, ווען די שפּראַך און דאָס געווער איז געווען פֿרעמד. אַ שטאַרקער כּאַמסין באַשווערט יעטוועדע באַוועגונג. דער שונא איז שטאַרק, ער שפּייט מיט פֿייער.

דאָ, אין זיין לעצטן וועג, האָט ער באַוויזן אַרויסצוּווייזן נאָך גבורה און מענטשן־ליבע. ער ווערט פֿאַרוווּנדעט און זעצט ווייטער פֿאָר צו קעמפֿן, כּדי ניט אַרויסרופֿן קיין מהומה אין די רייען. ווען ער האָט פּרובירט דערמוטיקן צוויי זעלנער, וועלכע זענען אויס מורא געבליבן אין שטח, הגם ס׳איז געווען אַ באַפֿעל זיך צוריקציען — ווערט ער נאָך אַמאָל פֿאַרוווּנדעט.

מיט די לעצטע כּוחות האָט ער איבערצייגט די צוויי זיך אומצוקערן און געבליבן אַליין... אויף שטענדיק. קיינער וועט אים שוין ניט זען מער. אַ לאַנגע צייט איז ניט געווען קלאָר, צי זיין געביין וועט זוכה זיין צו קבורה — נאָר ער האָט דאָ יאָ זוכה געווען.

שווער איז געווען דער קלאַפּ. זיין געשטאַלט וועט אויף תמיד זיין איינגעקריצט אין די הערצער פון דער משפחה, חברים און פריינד, וועלכע ווייטיקן איבער זיין טויט.

**אופירה (שוועסטערן־טאַכטער)**



## „אני, חיה בלוך..."

אף כי מאז כבר חלפו עשרים וחמש שנים, ניצבת היא לנגד עיני בגבורתה העילאית, כשעיניה הכחולות מסתכלות בבוז לגלגני בתליין, הלבוש בגדי שררה חומים, עטור אותות הצטיינות עם צלבי הקרס המציינים את היותו קצין ס.ס. יושב הוא בנוחיות בכורסה המרופדת על יד שולחן הכתיבה הירוק. בתנועת יד מאוזנת הוא מפזר את העשן הכחול העולה מסיגריה שלו. המשרתת מורידה בהכנעה את שיירי המטעמים מקצה שולחנו ובחיפזון עוזבת את חדרו.



חיה וחנה בלוך
חייה און חנה בלאָך

חנה בלוך — בת למשפחה יהודית פשוטה, ואשר אביה הוציא את לחמו ממסחר בסוסים. היא היתה הצעירה במשפחה, ולה אח מבוגר ואחות נשואה בשם חייקה.

חייקה, שעם עלות השלטון הסובייטי בעיירה, נבחרה כחברת ועד העיריה — גורלה נחרץ למות בידי הס.ס. שנכנסו לדוקשיץ.

זה כמה ימים היא נודדת מכפר לכפר ותינוקה על זרועותיה. אין איש נותן דעתו לצרותיה, אין לה מנחם, ואין לה בית או פינה למחסה. רצוצה ושבורה היא חוזרת לבית הוריה. רק לפני שעה קלה באו שני שוטרים לאסרה. אין לה יותר כוח לסבול והיא גומרת אומר להתייצב במשטרה מרצונה. חנה הצעירה שוקעת בהרהורים. פתאום היא קמה, מוציאה בהחלטיות את תעודת הזהות מידי אחותה, נושקת לתינוק ובצעדים מהירים הולכת לתחנת המשטרה. שם מושיטה לשוטר התורן את צו ההתייצבות של אחותה ואומרת: „אני חייקה בלוך"...

עכשיו היא עומדת מול קצין הס.ס. אין היא מרגישה מה קרוב קיצה. מחשבה אחת ויחידה בראשה: להצליח לרמות את האוברשטורמפירר שאכן היא היתה חברת מועצת העיר ועליה לתת את הדין.

הלב פועם בחזקה, העינים נעוצות בחוקר ועוקבות אחרי כל תנועותיו. הוא עדיין שקט, מנומס, הנאה יתרה ניכרת בפניו.

הוא קורא לה להתקרב, היא חיוורת במקצת, צמתה הבלונדינית מוזהבת בקרני השמש הנופלות מבעד לחלון. ברכיה רועדות ברטט קל, אך רוחה איתנה. משתדלת להיות שקטה. לא קשה לה, כי אכן זו טבעה.

רק לפני שלוש שנים גמרה את לימודיה בבית הספר הכללי. אחרי בואו של הצבא האדום גמרה קורס להנהלת חשבונות, ולאחרונה עבדה באחד ממשרדי העיריה במקצוע זה. כמה מאושרת היתה, שאכן עצמאית היא ומרויחה את לחמה בכבוד. היא תמיד מחייכת, מסודרת, נאה וקולה ערב לשירה ולשמחת חיים. והנה הקיץ הקץ — והיא רק בת שמונה־עשר אביבים.

הקצין פונה אליה כשחיוך שטני נסוך על פרצופו: „בטח נערה יפה כמוך לא תרצה למות, ועל כן אני מייעץ לך לספר הכל מה שידוע לך על אנשי האקטיבה הסובייטית: מי הם? איפה הם? ומה תכנית הפעולה שלהם נגדנו? הלא בעצמך תביני שאין טעם להתכחש. הקומוניסטים לעולם לא יחזרו הנה, ואין לך צורך לסכן את חייך. אם תשתפי פעולה איתנו, נמציא לך עבודה, ואולי אפילו במשרדי".

היא עמדה דוממת, בלי להוציא הגה. אט־אט נמוג החיוך מפרצופו, הוא הוריד את עפעפיו לשולחן. בפתאומיות הבזק דפק באגרופו על השולחן. מלים של גפרית וזעם החלו לפרוץ מפיו. קם וניגש אליה, תפסה בצמתה והתחיל לטלטלה אנה ואנה.

הלב התכווץ בקרבה, כמעט שפרצה בבכי, אך היא התגברה ודמעותיה התאבנו ולא זלגו. היא החליטה לקרוא תגר ל„חיה המזוהמת" בצלם אנוש.

הוא הוריד מהלומה כבדה על פניה, והיא נפלה כעץ כרות ללא הכרה.

לשפתיים.

— נו, תדברי, יהודיה ארורה!

היא לא זזה ולא ענתה מלה.

היא המשיכה לשתוק. הוא קירב את הסיגריה הבוערת אל לחייה החיוורות, למצח, הוציא כל חמתו. עכשיו אין מה לעשות יותר. ציוה להוציאה למרתף, עד שתחזור אליה ההכרה.

*

עם שחר התאוששה. קרני השמש נפלו דרך סורגי החלון הקטן מלמעלה. היא כאבה בכל גופה. כאבו השפתיים שנסדקו והתנפחו, דם כיסה את פניה. רעש מחריש אזניים וכאב ראש חזק כמעט וטשטשו את כל אשר מסביב לה.

בקושי רב הצליחה לקום על רגליה והתקרבה אל החלון המסורג.

ברחוב לא נראה אף אזרח. בלי הרף נעו כלי מלחמה: טאנקים, משוריינים, חיילים חמושים חובשי כובעי פלדה על אופנועים — הכל זרם למזרח...

מכוניות מפוארות מלאות קצינים בבגדי שרד, שנראו רעננים, חייכנים, כאילו נסעו לנשף או לחג, חלפו ביעף.

קשה להסתגל לרעיון. האומנם הם נצחו? אולי בכל זאת הכל ברק זמני בלבד?

ביעף מטורף עוברות להקות, להקות מטוסים. האדמה כאילו מזדעזעת מרעש המנועים. ואין עוצר ואין מתנגד. הדרך חופשית להתפשטות הזוהמה הנאצית. ערים וכפרים נבלעים חיים, או נשרפים בגל אש והתפוצצויות. הצבא האדום מתארגן להדוף את הכוח האדיר הזה, אך הוא חסר אונים.

בחוץ זורחת השמש, יום קיץ לוהט של אמצע חודש יולי, אולם במרתף שוררת קרירות לחה שוברת העצמות, וכאב של רעב מציק עד אין כוח לסבול. הראש סחרחר ועולמה חשך. היא נופלת ללא אונים על הרצפה.

לפתע נשפכים עליה ברעש מים קרים. היא מתעוררת בחרדה. הוי, רוצחים, מה עשיתם? למה לא נתתם לי לשקוע בחושך הבלתי ידוע, מבלי להקיץ עוד?...

*

ושוב היא באותו החדר המרווח ואותו פרצוף לעומתה. אך היא חוזרת על מחשבתה: לא, כלום לא יעזור לך, מנוול. ממני לא תצליח להשיג את הידיעות שאתה צריך להן... לא, לא, לא!

שוב מכות ואיומים. וכך יומם ולילה חוזרים מעשי ההתעללות של המכונה האכזרית של הנאצים.

חנה פתחה את פיה ומלים כלבה מהר געש, שטפו בשצף קצף בפני הקצין הנדהם.

— „אנחנו מיליונים ואין בכוח השטן שלכם להשמיד את כולנו. את נקמתנו עבור דמנו יקחו מכם הבאים אחרינו. אם מצליחים אתם היום — לא לעולם חוסן. מר יהיה סופכם. בדמכם תשלמו בעד מעשיכם האכזריים. יורקת אני בפרצופך! טוב לי למות מאשר לחיות בין חיות שכמותכם. ארורים תהיו לנצח!"

כדור מאקדחו של הנאצי השתיק את קולה, אולם דבריה לא נשכחו עם מותה. מאז ועד עתה הם נישאים בחלל...

*

באותה עיירה דוקשיץ קיים בית ספר הנקרא על שמה של חנה בלוך, ובו כל יום מיסדר, אשר שמה של חנה נקרא ראשונה, וקול התלמידים עונה במקהלה: „נפלה מות גבורים על קידוש העם והמולדת..."

**צבי מרקמן, קיבוץ חצור**



# דער מאַרטירער-טויט פון חנה בלאָך

אַ טאָכטער פון אַ ייד אַ פשוטן — אַ בעל עגלה, וועלכער האָט אַ גאַנצע וואָך, סיי זומער, סיי ווינטער, אין שניי און אין רעגן, אין היץ און קעלט, געהווידעט זיך מיט פערד־און־וואָגן איבער די שליאַכן אין דער סביבה פון דאַקשיץ. געפאָרן פון יאַריד צו יאַריד, פון שטעטל צו שטעטל. אונטערוועגס זיך אָפּגעשטעלט אין דערפער אויף אַ „פּאָפּאָסקע״ פאַרן פערד און דערווייל געכאַפּט אַ שמועס מיט די פויערים, געפרעגט, צי ווער פון זיי האָט אַ פערדל צו פאַרקויפן אָדער צו בייטן, אפשר וועט ווער פון אים אַ לאָשיקל קויפן ? ?!

נישט איינמאָל אין אַ זאַווירוכע אין ווינטער, איז ער געווען געצוווּנגען איבער־צונעכטיקן אין דאָרף. אַזוי האָט ער במשך פון יאָרן זיך דערוואָרבן פריינדשאַפט ביי פיל פויערים, איינגעלעבט זיך אין דער געגנט, געפילט זיך צווישן זיי ווי אַ פיש אין וואַסער.

עס פלעגט אויך אַ מאָל טרעפן, אַז „באַגיסנדיק״ אַ געקויפט אָדער פאַרקויפט פערדל, פלעגט מען מאַכן אַ פיינעם „לחיים״ און אַ ביסל בגילופין, אַן ערב־שבת, זיך אויסגעצויגן אין דעם מיט שטרוי אויסגעבעטן וואָגן, דערביי פאַרציען אַ זמרל פון הלל, צי אַ „יהי רצון״ פון ראש־חודש בענטשן, אַ מאָל אַפילו אַ „כבקרתל״ אויסדרייען. די זון האָט זיך שוין געהאַט געזעצט נידעריק, איז מען אַ פאַרשפּעטיקטער אַריינגע־פאָרן נאָך ליכט־בענטשן, ווי מען זאָגט — „מיט די האַלאַבליעס אין לכה דודי״...

שבת אין שטוב, אַ שאַרפער ריח פון פריש געקאָכטע, געפעפערטע פיש, קופערנע לייכטער מיט די ברענענדיקע ליכט, די קידוש־חלה פאַרדעקט מיט אַ ווייסן שבת טישטעכל. די פרוי — אַן אויסגעפּוצטע, מיטן סידור אין דער האַנט, און די צוויי טעכטער ווי רויזן — דאָס אַלץ האָט אָנגעפּולט זיין נשמה מיט אויסטערלישער וואָ־רעמקייט, אַן אמתע נשמה יתירה.

נאָכן דאַוונען האָט זיך פון זיין מויל געטראָגן אַ שירה, אַ דערהויבענע, אַ שמועס מיט מלאכים — מלאכי עליון, מלאכי השלום, וועלכע שוועבן אין חלל פון זיין שטוב — געסט, וואָס זענען געקומען אים בענטשן מיטן הייליקן שבת.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן יאָרן און יאָרן. ווער ווייסט וויפל נאָך נחת וואָלט אים באַשערט געווען צו האָבן פון קינדער און אייניקלעך, ווען ניט די אומברחמנותדיקע, מערדערישע האַנט, וואָס האָט דעם זיידענעם לעבנס־פאָדעם איבערגעשניטן...

שוין העכער צוויי וואָכן ווי עס ציען זיך אָן אויפהער, מיט אַ פאַרטויבנדיקן רעש, די שווער קרעכצנדיקע, שטאָלענע פאַנצער־מאַשינען, באַצייכנט מיט שוואַרצע מרה־שחורהדיקע האַקנקרייצן, פון די פוסטע לאַנגע רערן קוקן אַרויס חורבן און פאַרניכ־

טונג. מאַטאַציקלען מיט קוילן־וואַרפערס טראָגן זיך מיט טייוולאָנישער שנעלקייט. אין זיי — ברוינע געשטאַלטן אין שטאָלענע געפּאַנצערטע העלמען — די קולטור־טרעגער פון דער נאַצישער ציוויליזאַציע, וואָס האָט ווי אַן אויפגעברויזטער טייך זיך אַרויס־געריסן פון זיינע ברעגן, פאַרגיסט מיט בליי און פייער און פאַרכאַפּט אַלץ גרעסערע שטחים. די ערד טרייסלט זיך אונטער דער לאַסט פון די שווערע כלים, די לופט ווערט אָנגעפולט מיטן שרעקלעכן רעווען פון זייערע מאָטאָרן. עסקאַדרעס שווערע באָמבאַר־דיר־עראָפּלאַנען זייען פאַרניכטונג און פייער. עס ציען זיך אָן אויפהער מאַשינען מיט אָנגעפּרעסענע, זעלבסט־צופרידענע סאָלדאַטן און אָפיצירן — ביז די ציין באַוואָ־פנטע. זיי פאָרן ווי אויף אַ פריילעכער פאַרוויילונג, אַ באַל, אַ יום־טוב.

אַלץ ציט אויף מזרח, כמעט אָן שום ווידערשטאַנד. קיין אָפּהאַלט. די רויטע אַרמיי אַנטלויפט, איז הילפלאָז קעגן דער מעכטיקער מאַשין, וואָס האָט פלוצלינג, מערדעריש, זיך צעלאָזט אין אַן אָנגריף אויף איר.

ענדלעך איז דער שטורעם פאַרביי. אַוועק ווייט פאַרויס, איבערלאָזנדיק דאָ און דאָרט גאַרניזאָנען און די נייע מאַכט־אָרגאַנען. אויך דאָקשיץ איז באַגליקט געוואָרן מיט אַן עס־עס גאַרניזאָן.

מיט גאַווהדיקער טעמפּקייט צוליבן פאַרשיכורנדיקן נצחון, נעמען זיי הערשן איבער דער באַצוווּנגענער באַפעלקערונג. איינע פון די מעטאָדן זי „איבערצוצייגן" — דריי מענטשן ווערן עפנטלעך דערשאָסן, נאָך דעם ווי זיי ווערן געצוווּנגען אַליין צו גראָבן זייערע קברים.

באַלד הייבט זיך אָן אַ געיעג נאָך קאָמוניסטן, יידן און סאָוויעטישע טוערס. חייקע בלאָך, די עלטערע שוועסטער פון חנהן, ווערט גערופן זיך מעלדן אין געסטאַפּאָ. איר גורל איז געחתמעט. זי איז געווען דעפּוטאַטין אין שטאָטראַט בעת דער סאָוויעטישער מאַכט. זי איז פאַרהייראַט, ערשט נישט לאַנג געבוירן אַ קינד.

אין שטוב הערשט טויט־שרעק. דער פאָטער שפּאַנט פערד־און־וואָגן און אין דער נאַכט־פינצטערניש פירט ער די טאָכטער מיטן אייניקל צו זיינע באַקאַנטע פויערים אָפּפירן. אפשר וועט אים געלונגען זי אויסבאַהאַלטן, ראַטעווען פון אומקום.

נאָר אומזיסט די מי. פון דאָרף צו דאָרף, פון שטוב צו שטוב, פאָרן זיי — נאָר אומעטום זענען די טירן פאַרמאַכט. ער לייגט פאָר געלט, אַפילו דאָס פערד־און־וועגעלע, איז גרייט צו געבן אַלץ, וואָס ער האָט — נאָר ער געפינט נישט קיין בעלן. מען העלפט מיט אַ קרעכץ, מיט אַ גוט וואָרט, אָבער קיינער וויל נישט ריזיקירן.

צעבראָכענע קערן זיי זיך צוריק אַ היים...

נישט זעענדיק קיין אַנדערן אויסוועג, באַשליסט חייקע זיך צושטעלן אין געסטאַפּאָ. חנה פילט, וואָס עס דאַרף געשען. זי קוקט אויף איר אומגליקלעכער שוועסטער, טרערן שטעלן זיך אין די אויגן. ווי לאַנג איז דען, ווי זי איז אַזוי גליקלעך געווען, ווען חייהקע

איז אַ מוטער געוואָרן? וויפל צערטלעכקייט און ליבע האָט זיך אין איר דערוועקט צום פּיצל קינד? ווי אַ פויגל צעשפּרייט זיינע פליגל — אַזוי איז זי נעכט געזעסן אַנגעבויגן איבערן וויגל, באַוואַכט דאָס נייע גליק, זיסע שלאָף־לידער געזונגען. איצט דאַרף זי דאָס קינד איבערלאָזן, אָן אַ ברוסט, אָן שוץ. ניין! דאָס וועט נישט געשען! איך וועל נישט דערלאָזן! איך וועל זי פאַרבייטן — האָט חנה צו זיך געזאָגט. מיט דעצידירטע טריט איז זי צו צום וויגל, מילד אַ קוש געטאָן דאָס קינד און מיטן פּאַפּירל אין האַנט האָט זי זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער געסטאַפּאָ...

ס'איז געווען אַ זומער־טאָג, אין יולי. די זון האָט געבלענדעט די אויגן מיט אירע שאַרפע שטראַלן. חנה איז געגאַנגען, זיך ניט אומגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך געשראָקן ניט חרטה האָבן אויף איר שריט.

די גאַס איז געווען פּוסט פון מענטשן. זי איז דערגאַנגען ביזן בריק, וואָס האָט אָפּגעטיילט איר געבוירן־אָרט סלאָבאָדע פון אַנדערן טייל שטעטל. דאָס טייכל בערע־זינע האָט רויק געשטראָמט אויף מזרח. פון בידע זייטן, צופוסנס פון שטעטל, האָט זיך צעשפּרייט אַ גרינער לאָנקע־טעפּיך, ווייך אויסגעבעט און באַשפּריצט מיט געלע לאָפּוכע־בלימעלעך, וואָס האָבן זיך צעעפנט אַ דאַנק דער וואַרעמער זון.

אַ ווײַלע איז חנה שטיין געבליבן, גענומען קוקן אַראָפּ. אין אירע געדאַנקען זענען אויפגעשווומען פאַרשידענע בילדער פון איר יוגנט און קינדהייט.

אָט לויפט זי, אַ דריי־יאָריק מיידעלע, אויף דער זעלבער לאָנקע, מיט אַ שפּרונג־שנור, פאַרפּלאָנטערט זיך און וואַלגערט זיך אין הויכן שמעקעוודיקן גראָז. אָט זעט זי זיך באָדנדיק מיט אירע חברטעס, וועלכע שטיפן אין וואַסער און באַשפּריצן זיך — ווער וועמען וועט פאַרטריבן. אָט פאַלט זי אין די קלײדער אין טייך אַריין, קריכט קוים אַרויס און לאָזט זיך צו דער מאַמען מיט אַ געוויין.

אָט שטייען גאָר פאַר אירע אויגן ווייבער מיט יידן, אַלע פון שטעטל, מיט סידורים אין די הענט, טרייסלען און שאָקלען אויס די עבירות פון זייערע קעשענעס.

יאָ, שמחת־תורה. מיט אַ קאָלירטע פאָן אין דער מאַנצבילישער שול, אויף דעם בעלעמער. די הענטלעך אויסגעשטרעקט, כדי אַ קוש טאָן די תורה.

אַלץ ווייזט איר אויס אַזוי ווייט. נערוועז, אומבאַוווּסטזיניק, פלעכטן זיך אירע דינע, ווייסע פינגער אין לאַנגן בלאָנדן צאָפּ... זי רייסט זיך אָפּ פון אָרט, שפּאַנט פאָרויס... זי ווייסט צו וואָס זי שפּאַנט איצט... אָט גייט זי פאַרביי דעם בנין ווו ס'איז געווען דער לאָקאַל פון קן, ווו זי האָט אין די אָוונטן און שבתים מיט חברים און חברטעס פאַר־ברענגט. נאָכן אָפּלערנען אין דער פוילישער „פּאָווּשעכנער" שול, האָט זי געלעכצט נאָך אַ יידיש וואָרט, אַ בלעטל יידישע געשיכטע. יאָ, זי דערמאָנט זיך, ווי האָט זי געהייסן? דאַכט זיך דינה, די טאָכטער פון רבי אליעזר, די כלה פון בר־כוכבא. ווען די רוימער האָבן זי געפאַנגען, האָט מען זי געצווונגען פון הערשערס טורעם צו רופן

איר געליבטן, ער זאָל עפענען די פאַרשטאָפּטע וואַסער־קוואַלן און אַזוי אַרום זיך קויפן איר פרייהייט. זי האָט דעם גורלדיקן מאָמענט אויסגענוצט צו שטאַרקן בר־כוכבאָס קעמפער, רופנדיק זיי צו נקמה, צום זיג איבערן שונא, אָפּגעבנדיק איר לעבן פאַרן כבוד פון איר פאָלק. אָ, וויפל גבורה האָט זי געדאַרפט באַזיצן?

איר אַליין ווילט זיך אָבער לעבן. עס ווילט זיך אַזוי לעבן. וויפל צייט איז איר נאָך פאַרבליבן?... אַ וויס וואָלקנדל האָט טיילווייז פאַרדעקט די זון, אַ מילד ווינטל גלעט איר פּנים. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי פון אַ חלום דערוואַכט. איר אַנטקעגן האָבן שוין שוואַרץ געבלאַנקט די פענצטער פון געסטאַפּאָ.

*

זי האָט פאַרקערעוועט אויף לינקס. נאָך אַ פּאָר מינוט פון דער פרייער לופט געניסן. זי האָט טיף געאָטעמט, מיט שנעלע טריט דערגאַנגען צו איר געוועזענער שול, וואָס איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַזאַרמע.

הויכע קלאָן־ביימער האָבן מיט ווייסע בלומען זיך באַצירט, זשומעדיקע בינען זענען פון בלום צו בלום געפלויגן. אויך איצט געפונען זיי ווו דעם האָניק צו קלייבן. האָט זי זיי דווקא איצט באַמערקט. אַזעלכע קליינע, נישטיקע באַשעפענישן, האָבן איר אויפמערק־זאַמקייט צוגעצויגן? אינטערעסאַנט, ווען זי האָט וועגן זיי געלערנט, זייער ליבע צו מי, זייער האַרבע שטראָף פאַר פּאַראַזיטן... אַנדערש זענען היינט די מענטשן... קיינער טראַכט נישט וועגן צווייטן... קיינער האָט זי נישט געלאָזט אויסבאַהאַלטן.. און דאָס קינד, אין וואָס באַשטייט זיין שולד?..

מיט האַרץ־קלאַפּעניש, אין געאייל, נישט צו פאַרשפּעטיקן — האָט זי געעפנט די טיר פון דער אָפּטיילונג...

*

אַ ציכטיק מעבלירטער צימער. אין אַ ווייכן פאָטעל ביים גרינעם שרייב־טיש, אויפגע־לייגט, אין גלאַנציק געפרעסטן ברוינעם אָנצוג מיט שוואַרצע האַקנקרייצן אויף די אַרבל, פאַרציענדיק מיט הנאה אַ ציגאַר — איז געזעסן אַ הויכער, שלאַנקער געלהאַריקער עס־עס אָפיציר. זיינע בלאַנקענדיקע שטיוול האָבן אַרויסגעשטעקט פון צווייטן זייט טיש. מיט אומגעדולד האָט ער געקלאַפּט מיט איין שטיוול־נעזל אין צווייטן. יעדער ווילע אויפגע־הויבן דאָס טעלעפאָן־טרייבל, עפּעס אַריינגעברומט קורץ און אָפּגעהאַקט, באַגלייטנדיק יעדע פאַראָרדענונג מיט אַן אונטערטעניקן בליק צום הענגענדיקן פּאָרטרעט פון באַ־וואַנצטן פירער...

— אַ, אַזאַ שיין מעדכען! — האָט ער באַגייסטערט אויסגערופן, ווען חנה האָט זיך אַנטקעגן אים געשטעלט.

מיט אַ שאַרפן בליק זי אָפּגעמאָסטן, און מיט פאַלשער העפלעכקייט צו איר זיך געוואַנדן:

— איך דענק, אַז אַזאַ יונג שיין מידל, וועט נישט באַשטיין מיט איר לעבן ריזיקירן און בעסער אונדז די ריכטיקע ידיעות איבערגעבן. ווער? וויפל? וואָס זענען די פּלענער פון דיינע קאָלעגן פון סאָוויעטישן אַקטיוו? דיר, אַלס שטאָטראַט־דעפּוטאַטין איז זיכער אַלץ באַוווסט... באַהאַלטן פון אונדז דעם אמת, האָט נישט קיין זין. אייערע קאָמוניסטן וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט צוריקקערן. אונדזער זיגרייכע אַרמיי גייט פאָרויס, אין אַ קורצער צייט וועט גאַנץ רוסלאַנד ליגן ביי אונדזערע פיס...

חנה איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך. די געדאַנקען האָבן פיבערהאַפט געאַרבעט. הייסט עס, ער גלויבט, אַז איך בין חייקע. איז מיר טאַקע געלונגען זי צו ראַטעווען, דערמעגלעכן איר דאָס קינד צו דערציען? אַ דערמוטיקטע פון דעם געדאַנק, האָט זי אין גאַנצן פאַרלוירן די שרעק, געפילט זיך זיכער.

דער אָפיציר איז געשטאַנען די פיס צעשטעלט, איין האַנט אין טאַש און אין דער צווייטער דעם ציגאַר. מיט שפּאַנונג געוואַרט, זי זאָל אָנהייבן ריידן...

— איך ווייס נישט — האָט זי קאַלטבלוטיק געענטפערט.

— ס׳איז אַ ליגן. דו ווייסט פיל און זייער גוט. ווער זענען אייערע מענטשן? שנעלער זאָג! נו, דו ביסט דאָ נישט אויף קיין פאַרווייַלונג. דו געפינסט זיך אין אויספאָרשונג־אַמט פון דער עס־עס, מיר פאַרמאָגן אַלע מיטלען, אַז זאָלסט אַלץ דערציילן. ווו באַהאַלטן זיך אויס אַלע דיינע קאָמוניסטן?

— איך ווייס נישט! — האָט זי ווידער געענטפערט.

— דו ווייסט יאָ! — האָט ער זיך צעשריגן. דאָס פּנים איז געוואָרן רויט, די באַקן־ביינדלעך האָבן זיך נערוועז באַוועגט. — דו וועסט נישט וואַגן שפּאַס צו טרייבן פון אַן עס־עס אָפיציר. פאַרפלוכטע יודין!

זיין שטים איז געוואָרן העכער און דראָענדיקער. די אָדערן אויפן לאַנגן האַלדז האָבן זיך אָנגעצויגן, די אויגן פאַרשמורעט. ווי אַ טיגער שפּרינגט ער אויף זיין קרבן, געכאַפּט זי פאַר די האָר און גענומען שליידערן אַהין־און־צוריק.

אַ שטאָלצע, מיט פאַראַכטנדיקן בליק, האָט זי אויף אים געקוקט, גאָרנישט געענט־פערט. איר האַלטונג האָט אים אַלץ שטאַרקער צערייצט.

— ווער זענען דיינע קאָלעגן? — האָט ער היסטעריש געברומט, און מיט דער גאַנצער קראַפט איר געגעבן אַ זעץ אין פּנים.

אַ רויטער שטראָם האָט אַ פלייץ געטאָן פון איר נאָז, זיך צעגאָסן איבערן פּנים.

דערזעענדיק איר אייגן בלוט, האָט זי אַ נאָך שטאַרקערע עקשנות באַהערשט — נישט אונטערגעבן זיך. מיט אַ חוזק־בליק האָט זי אָפּגעמאָסטן איר פֿאַרפֿאַלגער און פּייניקער.

דער טעלעפֿאָן האָט זיך צעקלונגען... מען האָט פֿון אים פֿאַרלאַנגט אַ באַריכט — דעם רעזולטאַט פֿון דער אויספֿאָרשונג. ער האָט באַפֿוילן, מען זאָל זי פֿאַרשפּאַרן אין קעלער, זי זאָל צייט האָבן זיך באַטראַכטן.

פּיין און ווײ, אַנגסט און צאָרן, האָבן געדריקט דאָס האַרץ. הונגעריק און מיד... די פֿיס ווילן מער נישט דינען. אָנהאַלטנדיק זיך מיט בײדע הענט אין דער קאַלטער גלאַטער וואַנט, האָט זי זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער בעטאָנענער פּאָדלאָגע.

די זון האָט דורכן קליינעם פֿאַרקראַטעוועטן פֿענצטערל געשיקט די לעצטע פֿאַרגייענדיקע שטראַלן, דער וואַרעמער זומער־טאָג האָט אין אַ פֿינצטערער נאַכט זיך פֿאַרביטן. שוואַרצע וואָלקנס האָבן צוגעדעקט דעם האָריזאָנט. קיין שטערנדל, קיין שטראַל פֿון האָפֿענונג.

זיצנדיק אַזוי, זענען די אויגן־דעקלעך, ווי מיט בלײ אָפּגעגאָסענע, נאָך שווערער געוואָרן און אין אָנמאַכט זיך אַראָפּגעלאָזט...

אין באַוווּסטלאָזער טונקלקייט האָט זי זיך ווידער דערזען שטיין אין צעבליטן גערטנדל אַרום איר שטוב. די טשערעדע קערט צוריק פֿון פֿעלד, עס שמעקט מיט היי און פֿריש געמאָלקענער מילך. אַ יונג ציגעלע, אַ ווײַסע, קומט צו צום פּלויטל אַ גרעזל אָפּצופּן, עס גלוסט זיך איר דאָס ציגעלע אַ גלעט טאָן. זי שטרעקט אויס די האַנט — דאָס ציגעלע אַנטלויפֿט איבערגעשראָקן. אַלץ הייבט אָן זיך דערווייטערן: דער פּלויט, די שטוב, טאַטע־מאַמע. קוים ווי זי באַמערקט פֿון דערווייטנס, ווי דורך אַ נעפּל, דעם זון־פֿאַרגאַנג, עס קײַקלט זיך אַ פֿײַערדיקער ריזן קנויל, רוקט זיך מיט אַ פֿאַרבלענדנדיקער שנעלקייט, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ וויסטעניש, פֿאַרהילט אין שוואַרצן רויך... עס פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם. זי קערט זיך אום, וויל אַנטלויפֿן. נאָר אַנטקעגן שטראָמט אַ טײַך, ברויזט מיט שוים, שפּריצט און קאָכט, שווענקט אָפּ אַלץ, וואָס אויפֿן וועג. אָט שטויסן זיי זיך צוזאַמען, דער פֿײַער־קויל מיטן וואַסער. די ערד אַרום זידט. זי ווערט פֿאַרברענט. און דאָ — אַ פֿליוך... דאָס האָט מען זי מיט קאַלטן וואַסער צוריקגעבראַכט פֿון דער וועלט פֿון חלומות, צוריק צו דער ביטערערווירקלעכקייט...

און אויבן שפּאַנט אַרום איבערן אויספֿאָרשונגס־צימער דער פֿערציק יעריקער זון פֿון פּרייסישן באַראָן, דער עס־עס אָפֿיציר, וועלכער איז באַלוינט מיט פֿיל אויסצייכענונגען פֿאַר זײַן לאַנגיעריקער נאַצי־טעטיקייט — ער זאָל נישט קענען צעברעכן דעם איינגעשפּאַרטן ווידערשטאַנד פֿון אַזאַ „נישטיק” יידיש מיידל? זײַן אומרויִקער בליק שטעלט זיך אָפּ אויפֿן פּאָרטרעט פֿון פֿירער. אים דוכט זיך, אַז ער קוקט אויף אים מיט בייזן פֿאַרדאַכט. די אויגן ווערן שאַרפֿער, דער שטערן צעקנייטשט, די שוואַרצע וואָנצן געדיכטער און שטעכיקער. דער פֿירער קריצט מיט די ציין, זידלט און דראָט... אויף

דעם האָבן מיר דיך דערצויגן? אַזוי לאַנג אין אָפּיצירן־שול געבילדעט, געשפּייזט מיט ראַסן־טעאָריע? נישט געשפּאָרט קיין מיטלען און קיין מי, כדי אַן אייזערנעם קאָפּ און אַ טיגעריש האַרץ דיר אויסשמידן! דו ווערסט דערשיטערט און מאַכטלאָז קעגן אַ יידיש מיידל?

פאַרשעמט און פאַרשולדיקט שטייט ער אַנטקעגן פאַרטרעט. זיין גאַנצע קאַריערע וואַקלט זיך... ער וויל זיין אַ זיגער, הערשן איבער ברייטע שטחים אויף דער וואָלגע, דניעפּער, אין אַ מאַרמאָר־פּאַלאַץ וווינען. צענדליקער דינער וועלן זיך פאַר אים נייגן און בוקן...

זיין טעכטערל וועט אין אַ ווייסן באַל־קליידל אויפן פּיאַנאָ שפּילן. אַלע וועלן מיט הנאה באַוווּנדערן איר טאַלאַנט. ער וועט וויזן די לעבנס־פעיקייט פון דער געבענטשטער ראַסע... נאָר כדי דאָס צו פאַרווירקלעכן, דאַרף ער דערויף פאַרדינען!... און דאָ, שוין ווייפל טעג, ער קען גאָרנישט אַרויסבאַקומען. ער טאָר דערצו נישט דערלאָזן. ער מוז זיך זיינס דערשלאָגן, מעג עס אים קאָסטן אַלע אָנשטרענגונגען.

— שנעלער! אַריינברענגען די יידישקע!

*

דערפאַר האָט מען חנהן מיט קאַלטן וואַסער אָפּגעמונטערט.

עס ציטערן די קניען, דער קאָפּ ברענט, דאָס מויל צעקלאַפּט און אויסגעקרומט. אַן אויפהער ווערט זי געפּייניקט מיט אַלע גיהנום־מיטלען פון דער מאָדערנער נאַצי־טעכניק: מיט צוואַנגען און פייער, מיט בליי און שטעכלדראָט, די פינגער צעדרייט און צעבראָכן — נאָר איר גייסט איז פעסט און אומגעבראָכן. זי שווייגט פאַרביסן.

ווען זי האָט געפילט, אַז איר שעה איז נאָענט, האָט זי גענומען ריידן. און ווערטער ווי שלאַנגען קריכן פון איר מויל און שניידן, שטעכן ווי מיט שפּיזן. פייערדיקע פונקען שפּריצן פון אירע אויגן.

— מיינע קאַלעגן זענען די אַלע, וועלכע קעמפן קעגן אייך. אונדזער בלוט וועט איר נישט תמיד טרונקען. פאַרשאַלטן זייט אויף אייביק, איר מערדער! גרויס און שרעקלעך וועט זיין די נקמה, וואָס מען וועט אין אייך נעמען! אַ וועלט וועט זיין אַן אַנדערע — און זי וועט איר פּסק־דין אויף אייך אַרויסטראָגן, צום שאַנד־סלופּ אייך שטעלן, אָפּמעקן אייך און אייער נאָמען פון דער פעלקער־משפחה. נישט אָפּשרעקן וועט מיך אייערע ברוטאַלע פּייניקונגען, איך שפּיי אויף...

אַ שאָס האָט איבערגעריסן אירע ווערטער...

*

איצט, 25 יאָר זייט דעמאָלט, אין שטעטל דאָקשיץ — אַ שול אויף איר נאָמען איז אויפגעשטעלט. יעדן פרימאָרגן, ביים שטעלן זיך צום אַפּעל, דער נאָמען חנה בלאַך

ווערט דער ערשטער אויסגערופן. און אַ קינדער־כאָר ענטפערט אין איין קול: —
„העלדיש געפאַלן פאַרן זיג פון פאָלק און לאַנד".

*

דיין נאָמען, חנה בלאָך, וועט זיין געפאַסט אין גאָלד,
פון זון־שטראַלן באַצירט, אין אַלע גרויסע טעג.
אַ שוועסטער און איר קינד ראַטעווען האָסטו געוואָלט:
מיט דיין יונגן לעבן און ליבע אָן אַ ברעג.

דיין יוגנט טוען מיר באַוויינען, ווען אַמאָל
עס פרעסט אַזוי דאָס האַרץ, פון וויי און באַנג
און פון די טרערן שפּראָצן בלימעלעך אין טאָל,
ווו פייגל צווירטשען אויס זייער געזאַנג.

מיט גלי פון האַס, אין טיפן בלוי פון דיינע אויגן...
האָט ווילד געשפּיגלט זיך דער הענקער מיט זיין שווערד.
עס זענען דיינע אַכצן יאָר געשטאַנען אומגעבויגן
ווי שוואַרצע דעמבעס, איינגעוואָרצלט אין דער ערד.

עס האָט דער שונא דיך נישט אומגעבראַכט.
דיך טויטן נישט באַוויזן, ס'איז אַ ליגן!
דיין גייסט לעבט און בליט אין פולער פּראַכט
און שטענדיק אונדז באַגלייט און העלפט אונדז זיגן...

דיין שטאָלץ שפּראָצט אַרויס פון יעדן בוים
און דופט אַרויס פון יעדער בלום!...
און צינדט די שטערן אָן אין רוים,
מיט ליכט באַשיינט, דעם מענטש אומעטום.

דיין לייב, איז זיכער לאַנג פאַרוואַנדלט שוין אין שטויב
און ס'האָבן בייזע ווינטן עס צעבלאָזן אין דער וויט.
נאָר אַלץ, וואָס ליבט און גלויבט, זינגט אויס פאַר דיר זיין לויב
דעם סימבאָל פון דיין גבורה וועט נישט אָפּמעקן די צייט!

צבי מאַרקמאַן / חצור



# שיינקע מאַרקמאַן

שיינקע, די טאָכטער פון מענדל און ביילע — ווער אין שטעטל האָט זי נישט געקענט ? שטענדיק פול מיט לעבנסלוסט, ענערגיש, האַפערדיק און שטאָלץ, כאָטש דער גורל האָט זי נישט אַזוי געצערטלט.

איר עלטערע שוועסטער און גייסטיקע דערציערין, שרה, איז געשטאָרבן אין בליענדן עלטער פון 28 יאָר. אין משך פון זעקס וואָכן, האָט שיינקע, מיט ציטער און וויי, זי באַדינט אין פינסקער שפּיטאָל.



שיינקע מרקמן (סקיבין) וליב פולאק
בהצגת המחזה „חסיה היתומה"
שיינקע מאַרקמאַן (סקיבין) און לייב פּאָלאַק
אין דער פאַרשטעלונג „חאַשע די יתומה"

קורץ דערנאָך דערוווּסט זי זיך וועגן טויט פון איר שטאַרק געליבטן ברודער וועלוול, וועלכער האָט צוליב אידעישע מאָטיוון דעזערטירט פון דער פּוילישער אַרמיי, געשוואָרצט די גרענעץ קיין ראַטנפאַרבאַנד און טראַגיש אומגעקומען.

די עלטערן — צעבראָכן, קראַנק און פאַרצווייפלט פון די שווערע קלעפּ, וואָס האָבן זיך אויף זיי געשאָטן איינער נאָכן אַנדערן, באַגלייט מיט אָרעמקייט און נויט — האָבן זיך אין גאַנצן פאַרלאָרן. זי אָבער, נישט געקוקט אויף אַלע אומגליקן, האָט נאָך געפונען אינטערעס און צייט צו זיין בייהילפיק אַנדערע ליידנדע און אומגליקלעכע. טיילמאָל איז זי געזעסן שעהנלאַנג און געשריבן רירנדיקע בריוו צו קרובים אין אַמעריקע, זיי זאָלן קומען צו הילף זייערע נויטבאַדערפטיקע אין די שווערע טעג. ביינאַכט פלעגט זי אָפט זיצן ביי פרעמדע בעטן, טרייסטן קראַנקע, פאַרלייכטערן זייערע יסורים מיט אַ קאָמפּרעס, צי מיט אַן אייז־פענכער אויף אַ צעגליטן שטערן, דערלאַנגען טראָפּנס אין די באַשטימטע שעהן — און אַזוי דערמעגלעכן דער פאַמיליע אַ ביסל אָפּרו.

פאַר פסח איז געגאַנגען אַן אַרבעט פון באַקן מצות פאַר אָרעמע. פאָדריאַדן פלעגן זיך צוזאַמענלייגן — און ביז האַלבער נאַכט פלעגט מען קנעטן, וואַלגערן, רעדלען און באַקן. אויף אָרעמע חתונות פלעגט זי אַרויסהעלפן קאָכן, באַקן, צוגרייטן בלומען און

הבדלות, זינגען, טאַנצן, כדי די שמחה זאָל זיין גרעסער. אָפט פלעגט זי אַרומגיין מיט אַ קוישל צונויפקלייבן פאַר אַן אָרעמער משפחה אויף שבת.

איר גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען שפּילן טעאַטער, אַן אונטערשייד פאַר וועלכן צוועק די הכנסה איז געגאַנגען: משמרת חולים, די יידישע שול, תרבות־שול, קרן קיימת, הכנסת כלה. זי האָט נישט געשפּאָרט קיין מי, געלערנט די ראָלן, יעדן חודש — אַ נייע פאָרשטעלונג, גענומען אויף זיך די שווערסטע ראָלן. וואָס טראַגישער די ראָל איז געווען — אַלץ בעסער האָט זי זי אויסגעפירט. איך געדענק, ווען נאָך איר גלענצנדן דערפאָלג אין אויסשפּילן די ראָל פון כאַסיע די יתומה, האָט זיך צו איר געווענדעט דער תרבות־לערער ה׳ נילאַוויצקי: „פון וואַנעט קומט צו אייך אַזאַ דראַמאַטישער טאַלאַנט?" זי האָט שמייכלנדיק געענטפערט: „אין לעבן — שפּיל איך, אָבער אויף דער בינע — לעב איך".

נישט זעלטן פלעגט אויך טרעפן, אַז אַ וואַנדער־טרופּע איז געקומען אין שטעטל און זיך געווייטיקט אין איר הילף, זי זאָל אויף זיך נעמען וועלכע ראָל. זי פלעגט זייער בקשה דערפילן. נישט איינמאָל האָט מען איר פאַרגעלייגט מאַטעריעלע באַלוינונג, נאָר זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. זי האָט מסכים געווען נאָר צו נעמען עטלעכע בילעטן פאַר אירע חברטעס, וועלכע האָבן נישט געקענט באַזוכן דאָס טעאַטער צוליבן מאַנגל אין מיטלען.

אַזוי האָט זי געלעבט מיטן פאָלק און פאַרן פאָלק.

ווען עס איז געקומען די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, זענען אירע ליידן געווען שווערער פון אַנדערע. איר מאַן, יצחק סקיבין, איז אַלס פּאָליטישער קעגנער געווען פון די ערשטע דערשאָסענע קרבנות. זי איז געבליבן מיט צוויי קליינע קינדער אויף גרויסע צרות.

ווען צוזאַמען מיט אַלע יידן פון שטעטל איז זי געגאַנגען איר לעצטן וועג, האָט זי געשפּאַנט געאָרעמט מיט אירס אַ געשוועסטער־קינד פון בודיסלאַוו, און דאָס אַלטע ליד געזונגען:

> אַ וועלט, דו וועלט, דו זאָרג נישט,
> ס׳וועט קומען אויך דיין טאָג.
> ניט אייביק איז דיין טרויער,
> ניט אייביק איז דיין פּלאָג!

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס מצבה פאַר איר לעבן, שאַפן און אומקום.

**צבי מאַרקמאַן / חצור**





# דער העלדישער 16־יאָריקער פּאַרטיזאַנער איזיע קאַצאָוויטש

איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז כ'וועל דאַרפן שרייבן די לעבנס־געשיכטע פון מיין ברודער און איבערגעבן פאַר די איצטיקע און קומענדיקע דורות וועגן זיין העלדישן טויט אין די בעסטע, בליענדע יאָרן. זיין רומפולער קאַמף און אומקום איז אַ רינגעלע אין דער קייט פוןליידן און גבורה פון די דאָקשיצער יידן.

אין יאָר 1927 איז ביי דער דענטיסטין מאַניע און איר מאַן שמואל קאַצאָוויטש געווען אַ שמחה: ס'איז געבוירן געוואָרן דער צווייטער זון — יצחק, וועמען די עלטערן און חברים האָבן גערופן „איזיע".

שנעל זענען דורכגעלאָפן אַ פּאָר ווינטערס און זומערס. איזיע גייט שוין מיטן פאָטער אין שול. אין דאָקשיץ האָט עס געהייסן די „סטאַראָסיעלער שול", אין וועלכער עס דאַוונט ר' לייב ז"ל — דער דאָקשיצער רב. ער, ווי אַלע מתפללים, דאַווענען מיט גרויס התלהבות און כוונה — און ווייסן נישט, אַז דער גזר־דין איז שוין פאַרטיק.

אַ סך יאָרן זענען פאַריבער — און ביז איצט קלינגט מיר אין די אויערן דער ניגון. עפּעס געדענקט זיך די שרעק און טרויער פון „יזכור". יונגע טאַטעס און יינגלעך גייען אַרויס פון שול. זיי האָבן נאָך זייערע נאָענטע צווישן די לעבעדיקע, די, וואָס זייער צייט איז נאָך ניט געקומען.

איזיע וואַקסט און ווערט גרעסער. ביי דער חברה איז עס געווען אַזוי: דער ערשטער סימן, אויב דו קענסט קלעטערן 2־3 טרעפּ אויפן לייטער, וואָס פירט אויפן בוידעם פון דער שול. אויפן בוידעם האַלט דער שמש ר' אלתר אַ פּאָר בעזימער, סכך אויף סוכות, און עטלעכע צעבראָכענע בענקלעך און שטענדערס, וואָס שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר קלויבט מען זיך זיי צו פאַריכטן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ טאַטע לאָזט ניט קריכן, אָבער אַ פּאָר חברה האָבן שוין געקלעטערט און אַ פּאָר בר־מצווה יונגען העצן אונטער — קלעטערט מען.

אויב דיר געלונגט, ווערסטו אַ יאַט, דערלויבט דער פאָטער טראָגן דאָס טלית־זעקל פון שול. צאַרטלעך־ווייך איז דאָס טלית־זעקל, אַ גאָלדענער מגן־דוד אויס־

געניט אויף אים. אַ באַקאַנטער ריח, אַן אָנגענעמער, האָט ער — און מען טראָגט עס צוגעדריקט מיט בײדע הענט...

דער צווייטער עטאַפּ איז אין ווינטער. דעמאָלט באַווייזט מען רייפקייט אין שליטלען זיך. צוויי גליטש־ערטער זענען דאָ: 1) אויפן דזשיקע געסל, אַ לאַנג־משופּעדיקער וועג, וואָס ציט זיך פון יהודה־פּסחס קראָם ביז נאָך מענדל זאַלקעס שטוב. 2) פון בית־המדרש, פאַרביי דער סטאַראָסיעלער און לאַדיער שול. פּיסע דער שוסטער וועלכער לעבט דאָרט, האַלט זיך אין איין בייזערן, וואָס מען מאַכט אַ גליטש און ער קען נאָך, חס־ושלום, פאַלן, ווען ער גייט נאָך וואַסער. דערפאַר באַשיט ער אָפּט דאָס בערגעלע מיט אַש — אַ קליינע תרופה צו דער מכה.

ווען דער ווינטער גייט אַוועק, הענגען פון די דעכער סאָסלקעס אייז, לאַנגע ווי ציצית, להבדיל, און ווען דאָס יינגל איז פלינק — טרעפט ער אין זיי מיט אַ שניי־קויל און זיי פאַלן אַראָפּ מיט אַ מעלאָדישן קלאַנג.

נאָך שפּעטער שטראָמען וואַסערן אין אַלע גאַסן, אַלע אין איין ריכטונג, צום טייכל בערעזינע, וואָס פאַלט אַריין אין דניעפּער.

איז אַראָפּ דער שניי, קען מען שפּילן אין ניס אָדער קנעפּלעך.

ניס האָבן ניט קיין ספּעציעלע היסטאָריע. זיי טיילן זיך נאָר אויף טערקישע, וועלישע, געוויינלעכע, צווילינגס און סוויסטונעס — דאָס זענען די, וועלכע האָבן אַ לעכעלע און מען קען מיט זיי פייפן.

קנעפּלעך האָבן יאָ אַ היסטאָריע, ווייל מען שניידט זיי אויס פון אַלטע ווינטער־מלבושים: די קנעפּלעך זענען צעקראַצטע און צעקוועטשטע. וויפל מאָל האָט מען זיי פאַרשפּילט, אין קעלט און אין ווינט, אין אַ גאַס־רעגן. אָבער די יינגלעך ווייסן ניט פון דעם. אויב שוין יאָ — אינטערעסירט מען זיך מיט מעטאַלענע, צי בלעכענע קנעפּ. עס איז ניט אָנגענומען צו שפּילן מיט זיי, אָבער יעדער האָט אין קעשענע עטלעכע אַזעלכע אין זאַפּאַס. עס זענען נאָך דאָ גאָר אַלטע, פאַרזשאַווערטע „ניקאָלייקעס", מיט צוויי־קעפּיקע אָדלערס אויף זיי. מען טרעפט אויך אַ בלעכן קנעפּל מיט אַ שטערן — אַן אָנדענק פון די ערשטע באָלשעוויקעס. נייע קנעפּלעך מיט אַן אָדלער אָנגעטאָן אַ קרוין אויפן קאָפּ — דאָס האָט געבראַכט אַ ברודער, וועלכער דינט אין דער פּוילישער אַרמיי, קומענדיק אויף אורלויב. קנעפּלעך מיט אַ קאַסקע און צוויי העקלעך — אַ סימן פון די דאָקשיצער פייערלעשער. די לעצטע צייט האָבן זיך באַוויזן קנעפּלעך מיט ליליעס פון השומר־הצעיר, פון בית״ר (מיט מנורות). דאָס זענען אונדזערע **קנעפּלעך.**

צו יענער צייט זענען אין דאָקשיץ געווען פאַרשידענע ציוניסטישע פּאַרטייען. עס זענען אָפּט פאָרגעקומען פיל וויכוחים, נאָר קיין גאָר שאַרפע מחלוקתן זענען ניט געווען.

איזיע האָט געלערנט אין „תרבות״־שול און דערנאָך אין דער פּוילישער „פּאָוו־

שעכנע״ שול. נאָך די לעקציעס איז ער געגאַנגען אין חדר צו ישראל־אהרן, אויף דער דזשיקע. געווען אויך אַ מיטגליד אין השומר־הצעיר. אין חדר האָט ער געלערנט תנ״ך, אין „פּאָושעכנע״ — האָט ער אָפּט געהערט „זשידי דאָ פּאַלעסטיני״ און אין לאָקאַל פון השומר הצעיר — וועגן ארץ־ישראל, קיבוצים, חלוצים, טרומפּעלדאָר. ווער ווייסט צי שוין ניט דעמאָלט איז טיף אין האַרצן געפאַלן דער באַשלוס צו קעמפן פאַרן יידישן כבוד ביזן סוף... טוב למות בעד עמנו, בעד אַרצנו... און אויך שמשונס לעצטער אויסגעשריי: „תמות נפשי עם פּלישתים״...

ווייטער וועלן מיר זען, וואָס פאַר אַ כוח און גבורה עס האָט אַרויסגעוויזן אַ קליין יינגל פונעם שטעטעלע דאָקשיץ.

די רעדער פון דער געשיכטע זענען זיך געלאָפן זייער וועג. עס איז אויסגעבראָכן די דייטש־פּוילישע מלחמה. די פּאָליאַקן זענען געוואָרן זיס צו יידן — ממש סאַכאַרין. מיר־ניט דיר־ניט — און די רוסן האָבן פאַרנומען דאָקשיץ. מיט קאַרגע צוויי יאָר שפּעטער, זענען די דייטשן אַריין אין שטעטל.

קורץ פאַרן מלחמה־אויסברוך, איז אונדזער משפחה אַריבער קיין גלובאָקע, פון וואַנען עס האָט געשטאַמט אונדזער פאָטער. ביידע שטעטלעך האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל. אין גלובאָקי, ווי אין דאָקשיץ, זענען די יידן פאַרשפּאַרט געוואָרן אין ענגן געטאָ. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־מאָרדן פון יידן. כדי דאָס שנעלער און עפעקטיווער צו דערגרייכן, האָבן די דייטשן באַשטימט אַ יודענראַט מיט אַ יידישער פּאָליציי. סוף־כל־סוף איז אויך זייער גורל געווען ווי אַלעמענס, אָבער אין אָנהייב האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי זענען ביים דייטש „איינגענע מענטשן״. זיי האָבן געמאַנט פאַרן שונא פאַרשידענע זאַכן: שטיוול, לעדער, גאָלד, דאָלאַרן. זיי האָבן אויך אָרגאַניזירט דאָס גיין אויף צוואַנגס־אַרבעט.

מיר האָבן גערעדט וועגן די יודענראַטלער און מיר געדענקט זיך גוט איזיעס רייפע אָפּשאַצונג: „די יודענראַטלער זענען ניט קיין פריינד פון דייטש נאָר אַזוי ווי זיי פילן אויס דעם שונאס באַפעלן, זענען זיי פאַרדעכטיקט און מען מוז זיך פאַר זיי היטן״.

איבער אַלע שטעטלעך האָט זיך דורכגעטראָגן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען. דער ערשטער פּאָגראָם אין גלובאָקי האָט אויסגעמיטן אונדזער משפחה. אין צווייטן — איז זי רויִנירט געוואָרן.

דעם 20טן יולי 1942, האָבן די דייטשן אויפגעפאָדערט, אַז אַלע יידן זאָלן זיך שטעלן אויפן מאַרק־פּלאַץ. מיך מיט נאָך עטלעכע מענטשן, האָבן די דייטשן געהאַלטן מחוץ דעם געטאָ, אויף אַרבעט אין אַ דרוקעריי.

אַ זייגער צוויי איז געקומען איזיעק און דערציילט, אַז די מוטער האָט אים גע־זאָגט: „לויף, מיין קינד, פּרוּוו זיך ראַטעווען״. ער איז ניט געגאַנגען אויפן „פּלאַץ״,

אַרויסגעלאָפֿן פֿון געטאָ אין פֿעלד, געלעגן אין קאָרן און דורך הינטערוועגן געקומען צו מיר אויף דער אַרבעט.

אין אָוונט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין אונדזער געטאָ־וווינונג. זי איז געווען פּוסט. שוין ניט געווען טאַטע־מאַמע.

אין טאָג פֿון דער שחיטה איז געשטאַנען אַ שיין, זוניק וועטער, דערפֿאַר איז נאָך שרעקלעכער געווען דאָס הערן אין מיטן העלן טאָג שאָסן פֿון ביקסן און מאַשין־געווער. דאַקעגן אין דער קריסטלעכער טייל שטאָט איז געווען שטיל. נאָר אויך זיי האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין פֿון שטוב און זען דאָס שרעקלעכע בילד פֿון הריגה...

אַ זייגער 3 נאָכמיטאָג האָבן מיר פֿלוצלינג דערהערט הילכיקע טריט. דאָס איז אַ היים געגאַנגען אַ פּאָליציאַנט. די ביקס האָט ער ניט געטראָגן אויפֿן אַקסל, נאָר אין האַנט, ווייזט אויס, אָקאָרשט נאָך דער „אַרבעט". מאַלינאָווסקי האָט ער געהייסן, ימח שמו וזכרו.

פֿאַרנאַכט זענען מיר אָוועק צום געטאָ. איך געדענק, עס זענען געגאַנגען צוויי קריסטלעכע פֿרויען. איינע פֿון זיי האָט געהאַט אַ זון אין דער פּאָליצײ. זי האָט געפֿרעגט די צווייטע: „דו האָסט זיך עפּעס געבומען?" זי איז, ווייזט אויס, געווען אין די פּוסטע וווינונגען און גערויבט. דאָ האָבן זיי אונדז דערזען, געוואָרן אַ ביסל צעטומלט. איינע האָט אָבער מיט חוצפּה געפֿרעגט: „פֿאַרוואָס ביסטו דאָרט ניט געווען?" זעענדיק די ווילדע שנאה, האָט זיך גלייכצייטיק דערפֿילט זייער אומזיכערקייט און עס איז געוואָרן גרינגער. זאָלן זיי ציטערן פֿאַר אונדזער נקמה, זאָל עס זיי ניט לייכט אָנקומען.

באַלד דערנאָך האָבן מיר באַשלאָסן לויפֿן פֿון גלובאָקי.

נאָר ווו נעמט מען געווער?

מיר האָבן געפֿירט רעדן מיט נאָך חברה, ווייזט אויס, אַז די שמועה איז דער־גאַנגען צו דער יידישער פּאָליצײ.

אַ מאָל, ווען איזיעק איז געשלאָפֿן אין אַ שטאַל אַ פֿאַרמאַטערטער פֿון דער אַרבעט, ווענען אַריין פּאָליציאַנטן און געזוכט ביי אים, אַרום דעם געלעגער און צוקאָפּנס. פֿאַרשטייט זיך, קיין געווער האָבן זיי ניט געפֿונען, נאָר אַ ביסל געלט האָבן זיי צוגענומען. זיי זענען ניט געווען צופֿרידן. אונדז האָבן די פּאָליצײ גערופֿן „די דאָקשי־צער". זיי האָבן געטענהט, אַז מיר ווילן אומברענגען דאָס געטאָ.

אין דער צייט זענען געקומען אין געטאָ די שארית הפּליטה פֿון דאָקשיץ. צווישן די געבליבענע איז געווען טוביה־שלמה וואַרפֿמאַן (איצט אין עכו). באַגעגנט אַן אייגע־נעם, האָבן מיר זיך זייער דערפֿרייט. ער האָט דערציילט, אַז ר׳האָט צוזאַמען מיט זיין ברודער געלעבט 10 טעג נעבן קרולעווששינע, אויף אַן אינדזל, אין מיטן אַ גרויסער בלאָטע.

זייענדיק אויפֿן אינדזל, האָט ער געטראָפֿן אַ יונגן פּאָליאַק לוכאָווסקי, וועלכער

האָט געלעבט אויף אַ כוטאָר, ביים וועג קרולעוושטשינע—דאָקשיץ און געאַרבעט אַלס בריגאַדיר ביים פאַריכטן די וועגן. ער קען קריגן אַ ביסל געווער פאַר אַ נידעריקן פרייז. ווי באַוווּסט, האָבן אין דער ערשטער צייט די דייטשן זיך גוט באַצויגן צו די פּאָליאַקן, דערנאָך האָבן זיי געענדערט זייער פּאָליטיק און זיי אונטערדריקט און גערודפט. דער קריסט האָט געלעבט אַ 20—25 קילאָמעטער פון גלובאָקי.

נאָכן פּאָגראָם, האָבן די דייטשן באַפוילן אַרומצוּוימען דאָס געטאָ מיט אַ פּאַרקאַן פון ברעטער. בייטאָג האָבן מיר אָפּגעזוכט אַן אָרט ווו די ברעטער זענען געווען שוואַך צוגעקלאַפּט. מיר זענען געשטאַנען און גערעדט, נאָר בשעת מעשה געדריקט צווי ברעטער, ביז זיי האָבן נאָכגעגעבן. מיר האָבן די ברעטער ווידער צוגעשטעלט און אַוועק געלייגט צוויי שטיינער אַלס סימן.

ביינאַכט זענען מיר מיט טוביה־שלמהן אַרויס דורך דער צוגעגרייטער עפענונג און דורך פעלדער אַוועק צום קרולעווּשטשינער וועג. אונדז איז אויסגעקומען צוויי מאָל אַריבערצוגיין די באַן־ליניע, וועלכע איז געווען באַוואַכט דורך דייטשן און פּאָליציי. מיר זענען געלעגן אין דער פינצטער ביי דער ליניע, און אין מאָמענט ווען מיר האָבן געזען, אַז אויף דעם אָפּשניט איז קיינער פון די וועכטער ניטאָ — זענען מיר שנעל אַריבער.

עס האָט שוין געגומען טאָגן, ווען מיר זענען געקומען צום באַקאַנטן קריסט. מיר זענען אַריין אין שטאַל, געוואַרט עמעצער פון זיי זאָל קומען. באַלד איז די פויערטע אַריין, זי האָט זיך דערשראָקן, אָבער טוביה האָט זי באַרויקט, זאָגנדיק, אַז איר זון ווייסט פון דעם. זי האָט אונדז געבראַנגט קאַווע.

פאַרנאַכט האָט דער זון געבראַכט אַ ביקס, קוילן, אויך אַ רעוואָלווער מיט 9 קוילן.

ביינאַכט זענען מיר אַוועק צוריק, שוין מיט געווער. עס איז זיך געגאַנגען פריי־לעכער. צו אונדזער מזל איז געווען זייער אַ פינצטערע נאַכט, אָבער פאַר גלובאָקי האָבן מיר אין דער פינצטער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטעכל־פּלויט — אַ לאַנגער און הויכער אַרום דעם סקלאַד פון קאָרן פון פריערדיקן „זאַגאָטזערנאָ” נעבן דער באַן־סטאַנציע. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען אָפּגעטראָטן און אַרומגעגאַנגען די שטערונג מער ווי אַ גוטן קילאָמעטער.

ביי מיר איז דאָס געווען דער ערשטער שפּאַציר ביינאַכט אין פעלד. מיין חבר האָט פאַר דער מלחמה געפּלעגט אַ סך פאָרן ביינאַכט, דאָס האָט אונדז געהאָלפן אָריענטירן זיך אויף די וועגן. אויך איך בין בעת מיין לערנען אין גלובאָקי, צוויי מאָל געגאַנגען צופוס קיין קרולעווּשטשינע און דאָקשיץ. דעמאָלט איז עס געווען סתם אַזוי אַ שפּאַציר. אַרבעטנדיק אין דרוקעריי, איז מיר געלונגען אויסצוזוכן אַ גענויע מאַפּע פון גלובאָקער ראַיאָן און איך האָב זי גוט אויסשטודירט. דאָס איז מיר שפּעטער צונוץ געקומען.

דאָס געווער האָבן מיר געברענגט אין געטאָ און עס באַהאַלטן. מיר האָבן באַשלאָסן אין די נאָענטסטע טעג אַנטלויפן. מיר האָבן געאַרבעט ביי די דייטשן און געזוכט אַ געלעגנהייט צו גנבענען אַ ביסל אַמוניציע.

סוף פרילינג 1942, זענען אין גלובאָקער געטאָ געקומען פון וואַלד צוויי בחורים: פרידמאַן פון דאָלהינעוו און דער צווייטער פון פּאָסטאַוו. זיי זענען שוין געווען פּאַרטיזאַנער. אין געטאָ האָט מען, ווייזט אויס, געוווּסט, אַז מיר האָבן געווער און מען האָט דאָס דערציילט די צוויי געסט. זיי האָבן מסכים געווען אונדז מיטצונעמען, נאָר געפּאָדערט נאָך זאַכן. איזיען האָבן זיי ניט געוואָלט מיטנעמען, ווייל ער איז אַ קליינער. איך האָב זיי דערקלערט, אַז אָן אים גיי איך ניט. דעם זעלבן אָוונט זענען מיר אַ גרופּע פון אַ צען מאַן אַרויס פון געטאָ.

דער קליינער איזיע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ חברהמאַן. די אַנדערע פּאַרטיזאַנער האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין דרייסטקייט און יושר.

ווינטער 1943. די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד איז געוואַקסן און זיך פאַרברייטערט. דער אָטריאַד וווּ מיר זענען געווען, איז אַריבער אין מינסקער געגנט. אונדז האָט מען אַריבערגעפירט אין אַ נייעם „אָטריאַד באָלשעוויק", נעבן לאָהויסק. אין דעם אָטריאַד זענען געווען 6 יידן. איזיע איז שוין געווען 16 יאָר אַלט און זיך געהאַלטן פאַר אַ דערוואַקסענעם.

נעבן לאָהויסק איז געשטאַנען אַ דייטשער גאַרניזאָן „קאָסינע". די אָנפירער פון „באָלשעוויק" האָבן באַשלאָסן צו צעקלאַפּן דעם גאַרניזאָן. איזיע איז אַוועק מיטן אָטריאַד. אַ טייל האָט מען געלאָזן אַלס „זאַסאַדע", אַ טייל איז אַוועק אַטאַקירן דעם גאַרניזאָן. איזיען האָט מען געוואָלט לאָזן אין זאַסאַדע. ער האָט אָבער ניט מסכים געווען און אַוועק מיט די אָנגרייפנדיקע. די פּאַרטיזאַנער האָבן מצליח געווען צו צעקלאַפּן דעם גאַרניזאָן. איזיע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס העלדישער יונג. בעתן מאַרש אַהין און צוריק פון „קאָסינע", האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיזאַנער כאַפּן זיך ניט צו שלעפּן דעם שווערן קוילנוואַרפער „פּולעמיאָט". עס איז טאַקע אַ שיינער נאָמען „פּולעמיאָט", אָבער שלעפּן די 24 קילאָ — וויל קיינער ניט. איזיע האָט אַליין גענומען דעם פּולעמיאָט און אים געטראָגן אַ שטיק וועג. ער האָט מיר דערנאָך דערציילט: „איך האָב באַשלאָסן צו פאַרשטאָפּן זיי די מיילער. זיי לאַכן גאַנץ אָפט פון יידן. זיי זענען עלטער פון מיר און טאַקע ממש סאָלדאַטן, אָבער איך מוז זיי ווייזן וואָס עס הייסט אַ ייד. צוויטנס, מען מוז דאָך האָבן דעם פּולעמיאָט".

אַזוי איז איזיק געוואָרן אַ פּולעמיאָטשיק אין אָטריאַד. די חברים האָבן גענומען באַציען זיך צו אים מיט רעספּעקט. זיי האָבן אים גערופן „יוזיק", עס איז זיי געווען גרינגער אַרויסצורײדן.

נאָך אין אַ סך אָפּעראַציעס אויף באַנען און בריקן, האָט דער קליינער „יוזיק" אַנטייל גענומען.

סוף יוני 1944, ווען די דייטשן האָבן געפילט אַז זייער מפּלה דערנענטערט זיך, האָבן זיי צוזאַמענגעשלעפּט זייער מיליטער פון אַלע דערפער, אַרומגערינגלט די לאַהויס-קער וועלדער און געוואָלט אַ סוף מאַכן צו די פּאַרטיזאַנער.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך גלייך דערפון דערוווּסט, האָט מען געלאָזן אין וואַלד אַ קליינע גרופּע צו היטן די באַזעס און די הויפּט-כוחות האָבן זיך געלאָזט גיין צו די בערעזינער בלאָטעס. דער ציל איז געווען: ביינאַכט זיך אַרויסרייסן פונעם דייטשן רינג.

איזיק האָט זיך געבעטן צו קומען צו מיר, נאָר מען האָט אים ניט דערלויבט. אַ 15 ק"מ זענען זיי געגאַנגען אין וואַלד — שטיל און אומבאַמערקט. אויפן וועגן פון פּלעש-טעניץ קיין לאַהויסק, זענען געווען באַהאַלטן דייטשן, וועלכע האָבן געעפנט אַ פייער אויפן אָטריאַד. איזיקן איז געלונגען זיך דערנענטערן צו די דייטשע פּאָזיציעס און עפענען אויף זיי אַ שטאַרק פייער. די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען מוט און זענען אַריבער דעם טראַקט. פיל זענען זיך צעלאָפן און פאַרלאָרן געוואָרן. דאָס פאַרזעצן דעם וועג איז געוואָרן אַלץ שווערער מען איז געגאַנגען צווישן דייטשע פּאָזיציעס, אָן עסן, אָן וואַסער און אָן אָנפירונג.

אַזוי האָט מען דערגרייכט צו דער בערעזינע ביי זיעמבין.

אין זיעמבין זענען געווען פיל דייטשן און פּאָליציי. זיי האָבן געהיטן די וויכטיקע בריק איבער דער בערעזינע. אַרום זיעמבין זענען דאָ גרויסע וועלדער און בלאָטעס. דאָרט איז געווען דער גענעראַל-שטאַב פון די פּאַרטיזאַנער-אָפּטיילונגען אין באָריסאָוו-מינסקער ראַיאָן. די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט די וועלדער, באַזעצט יעדעס בריקל און וועג. די פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרלאָרן איינער דעם צווייטן. די קאָמאַנדירן און די וועלכע האָבן געהאַט פערד, האָבן באַוויזן זיך דורכצורייסן ווייטער.

די פאַשיסטן האָבן אַלץ ענגער געמאַכט דעם רינג. איזיקס שטיוול האָבן זיך צעוויקט אין בלאָטע און צעריסן. ער איז געבליבן באָרוועס, אָפּגעריסן און הונגעריק. דייטשע גרופּן האָבן געזוכט און גענישטערט אין וואַלד.

פּלוצלינג האָבן אים באַמערקט אַ גרופּע דייטשן. ער האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ קאָרטש פון אַן אויסגעהאַקטן בוים. דער סוף האָט זיך דערנענטערט. „תמות נפשי עם פלשתים" — האָט ער זיך דערמאָנט.

די דייטשן האָבן באַשלאָסן אים נעמען לעבעדיקערהייט, כדי צו פּייניקן. זיי האָבן זיך דערנענטערט און ער האָט זיי צוגעלאָזן. ער האָט אַרויסגעריסן דעם רינג פון גראַנאַט, וואָס איך האָב אים געגעבן און אויף אים זיך געלייגט. ווען זיי האָבן אים אָנגענומען מיט זייערע שמוציקע הענט, האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער אויפרייס. עס האָט עקס-פּלאָדירט איזיקס גראַנאַט, אים טויט פאַרוווּנדעט און פון די שפּליטערס — זענען די

דריי דייטשן דערהרגעט געוואָרן. די אַנדערע זענען אַוועקגעקראָכן. אַזאַ יינגל האָבן זיי נאָך ניט געזען, זיי וועלן אים געדענקן. די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן און ניט געוואָלט גיין ווייטער.

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער זענען פאַרביי געגאַנגען פּאַרטיזאַנער און געזען ווי דער העלדישער יוזיק גוססט. אַ געהרגעטער דייטש איז געלעגן נעבן אים...

ער איז געבליבן ליגן אין וואַלד און מען ווייסט ניט ווו עס זענען זיינע ביינער, ניט געקומען צו קבר ישראל.

זאָל דער זכרון פון אים בלייבן אויף שטענדיק ביי די דאָקשיצער לאַנדסלייט.

דב קאצאָוויטש / פּתח־תקוה



## טריי ביזן סוף...

### (צום אָנדענק פון איזי פלאַווניק)

דער פאָטער פון איזין, נחום, איז געקומען קיין דאָקשיץ פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער און זיין גאַנצע משפחה זענען דורך דער צאַרישער רעגירונג אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דאָרף קרייצי, ווו זיי האָבן געלעבט אַלס ישובניקעס אין משך פון דורות. אין דאָקשיץ האָט ר׳ נחום חתונה געהאַט מיט מאַשע גולקאָוויטש. ביי זיי זענען געבוירן געוואָרן דריי קינדער.

ווי אַ דאָרפס־ייִד און געניטער קענער פון דער סביבה און וועלדער, האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט סמאָלאַרניעס (טרייבן סמאָלע און טערפּענטין פון קאָרטשעס). ער איז געווען באַליבט ביי די פּויערים, און די שטעטלדיקע יידן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם, טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ ישובניק. ר׳ נחום איז געווען אַ שטאָלצער ייִד, אַ בעל־עסקים און באַליבט ביי אַלעמען. אין די נעכט האָט מען ביי אים אין שטוב געקענט הערן אַן אַ שיעור דערציילונגען און מעשיות פונעם אַמאָליקן דאָרפישן לעבן, פון ערד־אַרבעט, פעלדער, וועלדער און טייכן...

דאָס אַלץ האָט שטאַרק געווירקט אויפן געמיט פונעם יונגיטשקן איזין, וועלכער האָט שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז דער וועג צוריק צום פּוילישן, צי ווייסרוסישן דאָרף — איז פאַרמאַכט. און אויף זיך שטייגער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ לעבן אין אַ יידישן דאָרף, אין ארץ־ישראל. אמת, דאָס לאַנד איז נאָך ווייסט און כמעט אומבאַזעצט, ער זעט אָבער ווי מען רייסט דאָ קאָרטשעס, מען האַקט אויס וועלדער, עס שאַפן

זיך נייע ישובים. טאָ פאַר וואָס זאָל עס נישט זיין מעגלעך צו דערגרייכן אין אייגענעם לאַנד?

ער לערנט אין דער תרבות־שול, איין יאָר — אין דער „פּאָווּשעכנע״ שול (פּאָלקס־שול). מען כאַפּט קלעפּ פון קריסטלעכע יינגלעך, מ׳גיט אָבער אויך צוריק — דעמאָלט הערט מען אויף זיך טשעפּען צו אים.

ער טרעט אַריין אין השומר הצעיר — די שטאַרקסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. ער ווערט איינער פון די טרייעסטע און איבערגעגעבנסטע חברים. ניט געקוקט אויף דער מוטערס קעגנערשאַפט, פאָרט ער אויף הכשרה קיין טשענסטאָכאָוו. ער ווייסט, אַז די הכשרה באַנט אים אַ וועג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און פאַרווירקלעכן זיין חלום.

דער מלחמה־אויסברוך אין סעפּטעמבער 1939 טרעפט אים אין טשענסטאָכאָוו. נאָך שווערע געפאַרן און איבערלעבונגען, איז ער ענדלעך צוריק געקומען קיין דאָקשיץ. אַ וואָך נאָך זיין אומקערן זיך אַהיים, איז די סאָוויעטישע אַרמיי אַריין אין שטעטל. האָבן יידן פרייער אָפּגעאָטעמט, וואָס די דייטשע געפאַר איז פאַריבער און אַז די אַנטיסעמי־טישע פּאָליאַקן וועלן מערער ניט וואַגן אויפהייבן דעם קאָפּ. די סאָציאַליסטישע לאָזונגען האָבן געלאָקט און פאַרכאַפּט אַפילו יענע יוגנטלעכע, וועלכע זענען געווען ציוניסטיש געשטימט. איזי האָט אָבער ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע און געוווּסט די באַציאונג פון דער נייער מאַכט צו זיין באַוועגונג און צום ציוניסטישן געדאַנק בכלל.

...סעפּטעמבער 1939. עס פאַלט אַ געדיכטער, קאַלטער, אָסיענדיקער רעגן. פון דער באָריסאָווער גאַס ציען זיך לאַנגע רייען מידע און נאַסע רויטאַרמייער. אָט זענען זיי שוין אויפן מאַרק און שפּאַנען ווייטער, צו דער גלובאָקער גאַס. עס איז 5 פאַרטאָג. עטלעכע עלטערע יידן, מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם, לאָזן זיך אין בית־המדרש. זיי שטעלן זיך אַ ווײַלע אָפּ, קוקן נאָך די מאַרשירנדיקע זעלנער. פון צייט צו צייט באַהאַלט זיך אַ ייד אונטער אַ דעכל, כדי צו שיצן זיך פון רעגן. נאָר אָט גייען זיי שוין ווידער אויף די „קלאַדקעס״. מען איילט זיך צום דאַווענען.

מיט אַמאָל דערזעען זיי, ווי אַ יונג יינגל שניידט דורך דעם וועג, אויף דעם פרייען אָרט וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן איין מיליטערישער איינהייט און דער אַנדערער. מען פילט בפירוש, אַז ער טראָגט עפּעס פאַרוויקלט הינטער דער קורטקע. די יידן דערקענען אים. דאָס איז איזי פלאָווניק. נעכטן אָוונט איז ער געווען אין קן פון השומר הצעיר, דערזען ווי די ביכער פון דער ביבליאָטעק וואַלגערן זיך אויף דער ערד, די וואַנט־צייטונג אַראָפּ געריסן, דער לאָקאַל — ווי נאָך אַ פּאָגראָם. בלויז די פאָן, די בלוי־ווייסע, מיטן עמבלעם פון השומר הצעיר, איז צוגעבונדן מיט רויטע בענדלעך צום שטעקן. איזי טראַכט ניט לאַנג. קודם כל — ראַטעווען די פאָן. ער קומט באַגינען אין קן, בינדט אָפּ די לייוונט, פאַרשטעקט זי אויף זיין האַרץ, עס זאָל דער פאָן זיין וואַרעם, זי זאָל זיך

ניט פילן אַזוי איינזאַם אין דעם דעמאָלירטן לאָקאַל. איצט לויפט ער מיט איר, שנײדט אַדורך דעם וועג צווישן צוויי פּאַלקן און קלאַפּט אָן אין דער טיר פון זיין חבר הענעך פראַנקפורט, אויף דער פּאַלאַצקער גאַס. די פראַנקפורטס שלאָפן נאָך — קלאַפּט ער אין פענצטער. הענעך קומט אַרויס און ביידע לייגן אַריין די פאָן אין אַ בלעך־פושקע און באַגראָבן זי אין גאָרטן — ביז בעסערע צייטן.



משפחת פראנקפורט * די פאַמיליע פראַנקפורט

ביז היינט ליגט נאָך די פאָן פון השומר הצעיר אין דער דאָקשיצער ערד, ווי אַן עדות און סימבאָל פון יוגנטלעכע טרוימען און פון איזיס אידעאַליזם, וועלכער האָט געוואָלט די פאָן באַשיצן.

טרייהייט צו יידישע נאַציאָנאַלע ווערטן און צו זיין פאָלק האָט איזי ערשט אַרויס געוויזן נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשע רוצחים קיין דאָקשיץ. דאָס גיהנום ביים לעבן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1941 : געטאָ, יודענראַט, קאָנטריבוציעס, שחיטות, מאַסן־מאָרדן. איזיס משפחה ווערט אומגעבראַכט. ער פאַר־שטייט, אַז מערער בלייבן אין געטאָ טאָר ער נישט. אים געלונגט צו אַנטלויפן אין וואַלד — און דאָ פירט ער אַ לעבן פון אַ קעמפער אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. אין אַן אומגלייכן קאַמף מיט די דייטשן, איז איזי געפאַלן מיט געווער אין האַנט.

זיין לעבן און קאַמף דאַרפן דינען ווי אַן אות ומופת פאַר די קומענדיקן דורות.

דב קאַצאָוויטש / פתח־תקוה



# משפחתי

את עיירתי דוקשיץ עזבתי לפני 34 שנים — ואני בת 20. זכורים לי היטב הצער ומצוקת־הנפש שליוו אותי בדרכי, עת נפרדתי ממשפחתי ומאמי הרתוקה למיטה מפאת מחלתה.

מראה העיירה ודמויותיה נטשטשו בזכרוני, אך מדי פוגשי את אנשי העיירה, נזכרת אני בדמויותיה, הודות לכינויים („צונעמען"), שכמעט כל משפחה נתברכה בהם. תחושת החוויות שעברו עלי בעיירה בתקופת נעורי, חרוטים היטב בזכרוני. רוב הזכרונות אפופים תוגה, ורק באחדים ניתן למצוא נחמה־פורתא. רוצה אני ברשימתי להעלות את זכרם של אמי ובני משפחתי שנספו יחד עם יתר קרבנות העיירה. את אבי איני זוכרת, משום שנפטר עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, בהיותי בת שנתיים בלבד.

אמי נשארה מטופלת ב־7 ילדים, שני בנים וחמש בנות. דמותה עולה בזכרוני, כשהיא עומדת טרודה ונתונה בעול כבד להאכיל ולדאוג לכל מחסורנו. חידה היא בעיני, כיצד הספיקה למלא את כל התפקידים הרבים שהועמסו על כתפיה. אמי היתה עקרת בית מעולה, ניהלה חנות והיתה אף פנויה למעשי צדקה. „א יידישע מאמע" — במלא המובן של המלה. שומרת מסורת קפדנית, שהחמירה בעניני כשרות. בחגים ומועדים היתה אפופה הילת זוהר, עת היתה מברכת את שבעת ילדיה. היינו יושבים סביב לשולחן הערוך, כשפמוטים מבריקים ומאכלים חגיגיים ניצבים עליו. אנו, היינו חוטאים לפי מושגיה של אמא, אך היא לא הגיבה על כך. הסתפקה כי בעת החגים היינו מסובים סביב השולחן יחד עמה, ובכך ראתה את נצחונה.

בתור בת זקונים, זכיתי מאמי להרבה אהבה ופינוק. היה בינינו קשר אמיץ בל ינותק, ואף אני רחשתי לה אהבה רבה. עם הצטרפותי ל„החלוץ", נתגלו בינינו חילוקי־דעות, משום שאמי כמו הורים רבים אחרים, נסתה למנוע ממני את העליה לארץ־ישראל (זאת על פי הדעה הנפוצה אז). היה קשה לאמי להשלים עם העובדה, כי לא אמצא לידה לעת זקנתה. למרות זאת המשיכה לטפל בי במסירות, ולבסוף אף השלימה עם עלייתי ועזרה לי בהכנותי. אמי נפטרה בגיטו דוקשיץ ממחלת לב.

חיים, אחי הבכור, היה הדמות המרכזית בין הילדים במשפחה. בגיל צעיר נטל על עצמו את עול הניהול ופרנסת המשפחה. בהיותו איש עסקים ומנהל חשבונות מוכשר, היה מקובל בחיי המסחר בעיירה. הקים יחד עם חמישה מאמידי העיירה קואופרטיב — בית מסחר שסיפק סחורות לחנוונים בעיירה וסביבתה. את הכנסותיו היה מביא הביתה ובראש דאגותיו העמיד את משפחתו. משאת־נפשו היתה לדאוג לנו, לאחיותיו. למרות שנהג בחומרה, היינו מתיחסות אליו בכבוד הראוי לו. חיים נשא אשה בגיל מאוחר ולמרות שנאלץ לפרנס את ביתו הוא, המשיך לדאוג ולתמוך בנו.

אשתו ליזא, מגלובוקי, היתה אשה עדינת נפש וטובת לבב. היא קשרה עמנו יחסי רעות וידידות מצויינים. חיים ניסה אף הוא למנוע את עלייתי ארצה, אך לבסוף הבין כי לא נשקף עתיד ורוד לעיירה, וראה את העננים הכבדים שהעיבו על שמי יהדות פולין והסכים ליציאתי. חיים אף מימן את הוצאות הנסיעה שלי לארץ־ישראל.

עם הכיבוש הרוסי בפרוץ המלחמה, עבר חיים עם משפחתו לעיירה אחרת, שם הועסק כמנהל חשבונות, ושם אף מצאו את גורלם המר, הוא, אשתו, בנו ובתו.

משה אהרון היה צעיר מחיים ב־5 שנים ואף שונה ממנו באופיו. הוא לא התברך בכושר לניהול מסחרי כשם שהיה לחיים. לעומת זאת הוא היה טוב־לב ובעל מזג נוח, חביב על כל המשפחה. הצטרף לקואופרטיב ותפקידו היה להשיג קונים מבחוץ. הוא הצליח בכך, הודות לאופיו הנוח ומזגו המתאים. היה ציוני וקלט מרוח ההשכלה שנשבה בעולם היהודי. חוג חבריו היה אף הוא ציוני, וביתנו היווה מרכז לחוג זה. למרות שלא התכוננו להגשמה עצמית, הרי שפעלו רבות להחדרת הכמיהה לארץ.

משה אהרון נשא לו לאשה את לאה בת אשר שפירא ופרש מהבית. כשעליתי לארץ, היו לו שני בנים. עם כניסת הרוסים לדוקשיץ, נתנסה אחי בסבל רב. היה לו קשה להסתגל לעבודה גופנית, אולם הרוסים הכריחו אותו לעסוק בה לפרנסתו. הוא חלה במחלת הסכרת וניספה בגיטו דוקשיץ יחד עם בני משפחתו.



משפחת קופלוביץ׳ • פאמיליע קאָפּעלאָוויטש

שרה אסתר אחותי היתה הדמות הטרגית במשפחתנו. היא לא מצאה את מקומה במשפחה המטופלת בילדים רבים. הצטיינה בלימודיה והיתה מהיחידות שזכו לקבל את תעודת הבגרות. מחוסר אפשרות להתקבל לאוניברסיטה בפולין, ניסתה לעבור לרוסיה, אך לא הצליחה בכך. חיי העיירה היו צרים עבורה ולכן היתה נתונה דרך קבע במצב רוח ממורמר. גורמת היתה דאגות לאמי. אחי הטובים עשו מאמצים רבים, כדי למצוא לה בעל מתאים. היא נישאה ועברה לגור בוילנה. גם שם לא האיר לה המזל פנים. בימי המשבר הכלכלי שפקד את פולין בשנות השלושים, הפסידה אסתר־שרה את כספה וחיה במצוקה ובדוחק רב. היא, בעלה יהודה ושני בניהם הקטנים, ניספו בגיטו וילנה.

מבית קופלוביץ נותרנו 4 אחיות. אני בניתי את חיי במשק עין־חרוד עם חבר נעורי, אחד מטובי הנוער הדוקשיצאי, חיים סולוביי־זמירי. ב־1965, בחודש ניסן, נלקח מאתנו חיים לעולמים. אחותי בלה מצאה את ביתה בקיבוץ יפעת, יחד עם משפחתה ועברו עליה תלאות רבות במשך 37 שנות חייה בארץ.

רוזא, אחותנו הבכירה, הגיעה ארצה לפני 6 שנים עם בנה שמעון, שנותר לה יחיד מכל משפחתה. היא התאלמנה ושיכלה בן ובת בעיירה קראסנה. כולם נפלו בידי הנאצים.

2 בניה של אידה אחותנו, הנמצאת בדרום אפריקה עם בעלה מירים פוליאק, הגיעו ארצה עם משפחותיהם. אנו מקווים, שאף הוריהם ימצאו את דרכם בארץ יחד עם בנם יוסף, ושרידי משפחת קופלוביץ לא ידעו יותר תלאות גלות.

**נסיה זמירי (קופלוביץ) / עין־חרוד (אחוד)**



# מיין משפחה

מיין שטעטל דאָקשיץ האָב איך פאַרלאָזט מיט עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק, ווען כ׳בין אַלט געווען אַ יאָר 20. איך געדענק גוט דעם צער און גייסטיקע איבערלעבונגען, וואָס האָבן מיך באַגלייט אין וועג, נאָכן געזעגענען זיך מיט מיין פאַמיליע און מיט דער מוטער, וועלכע איז געווען צוגעשמידט צום קראַנקן־בעט.

דער אויסזען פון שטעטל און אירע יידן האָבן מיט דער צייט זיך פאַרווישט אין זכרון. נאָר יעדעס מאָל, ווען איך טרעף שטעטישע, דערמאָן איך זיך גלייך אין אייניקע געשטאַלטן אַ דאַנק זייערע צונעמען, וועלכע ס׳האָט געהאַט כמעט יעדע משפחה. נאָר די איבערלעבונגען אין דאָקשיץ אין די יוגנט־יאָרן זענען גוט איינגעקריצט אין זכרון.

אין די ווייטערדיקע זכרונות וויל איך אַרויסברענגען די געשטאַלט פון מיין מוטער און אַנדערע משפחה־מיטגלידער, וועלכע זענען אומגעקומען מיט די קדושים פון שטעט־

טל. מיין פֿאָטער געדענק איך ניט, ווייל ער איז געשטאָרבן מיטן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איך בין אַלט געווען צוויי יאָר.

מיין מוטער איז געבליבן מיט זיבן קינדער — צוויי זין און פֿינף טעכטער. איך זע זי תמיד א באַלעסטיקטע מיטן שווערן עול פּרנסה, כדי באַזאָרגן אונדז מיט אַלעם נויטיקן. ס'איז פֿאַר מיר אַ רעטעניש, ווי אַזוי זי האָט באַוויזן דורכצופֿירן דאָס אַלץ וואָס איז געלעגן אויף אירע פּלייצעס. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע בעל־הביתטע, געפּירט אַ געשעפֿט און נאָך צייט געהאַט צו פֿאַרנעמען זיך מיט צדקה. אַ יידישע מאַמע — אין פּולן זין פֿון וואָרט. אַ שטרענגע אָפּהיטערין פֿון כשרות און יידישע טראַדיציעס. אין די שבתים און יום־טובים פֿלעגט זי פּשוט שיינען ביים בענטשן די זיבן קינדער. מיר פֿלעגן זיצן אַרום אַ סערווירטן טיש, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען גלאַנציקע לייכטערס און יום־טובדיקע מאכלים. לויט די באַגריפֿן פֿון דער מאַמען האָבן מיר, די קינדער, יאָ אונטערגעזינדיקט, נאָר זי האָט אויף דעם ניט רעאַגירט. זי האָט זיך באַגנוגנט דערמיט, וואָס אין אַ יום־טוב זענען מיר אַלע געזעסן ביים טיש און אין דעם געזען איר נצחון.

אַלס מוזיניקל האָט די מאמע מיך באַשאָנקען מיט אַ סך ליבע און צערטלעכקייטן. געווען צווישן אונדז אַן אומצעררייסבאַרער בונד און אויך איך האָב איר אַרויסגעוויזן פּיל ליבע. ווען כ'האָב זיך אָנגעשלאָסן אין „החלוץ”, האָבן זיך אָנגעהויבן מיינונגספֿאַרשידנהייטן, ווייל מיין מאַמע, ווי אַנדערע עלטערן, האָט ניט געוואָלט כ'זאָל עולה זיין קיין ארץ־ישראל, ווי ס'איז געווען אָנגענומען אין יענע יאָרן. מיין מוטער איז שווער געווען משלים צו זיין מיטן געדאַנק, אַז כ'וועל ניט זיין מיט איר צוזאַמען אין די עלטערע יאָרן. דאָך האָט זי זיך ווייטער פֿאַרנומען מיט מיר מיט איבערגעגעבנקייט און צום סוף משלים געווען מיט מיין עלייה און אַפֿילו געהאָלפֿן זיך גרייטן אין וועג אַריין. מיין מאַמע איז נפֿטר געוואָרן אין געטאָ דאָקשיץ פֿון אַ האַרץ־קראַנקייט.

אונדזער עלטסטער ברודער חיים איז געווען די צענטראַלע געשטאַלט צווישן די קינדער אין דער משפּחה. אין פֿריען עלטער האָט ער גענומען אויף זיך דעם עול פֿון פּרנסה. זייענדיק אַ פֿעיִקער געשעפֿט־פֿירער און בוכהאַלטער, איז ער געווען אָנגענומען אין די סוחרישע קרייזן אין שטעטל. צוזאַמען מיט פֿינף פֿאַרמעגלעכע יידן, האָט ער געשאַפֿן אַ בשותפֿותדיק הורט־געשעפֿט צו ליפֿערן סחורות פֿאַר די קרעמערס אין שטעטל און אומגעגנט. די פֿאַרדינסטן האָט ער געברענגט אַ היים, ווייל זיין הויפּט־זאָרג איז תמיד געווען די היים און זיינע שוועסטערן. הגם ער איז געווען אַ שטרענגער האָבן מיר אים אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד. חיים האָט חתונה געהאַט שפּעט און טראָץ דעם, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט מפֿרנס זיין זיין היים, האָט ער ווייטער געזאָרגט פֿאַר אונדז.

זיין פֿרוי ליזע פֿון גלובאָקי איז געווען אַן אידעלע און גוטהאַרציקע. איינגעשטעלט מיט אונדז אויסגעצייכנטע פֿריינדשאַפֿטלעכע באַציונגען. אויך חיים האָט פּרובירט מיך

אָפּרעדן פון עולה זיין קיין ארץ־ישראל, נאָר צום סוף פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטעטל דערוואַרט ניט קיין ראָזעווע צוקונפט; ער האָט געזען ווי שווערע וואָלקנס פאַרטונקלען די הימלען פון פּוילישן יידנטום און מסכּים געווען איך זאָל פאָרן. ער האָט אַפילו פי־נאַנסירט מיין רייזע קיין ארץ־ישראל. נאָך דעם ווי די רוסן זענען אַריין קיין דאָקשיץ (סעפּטעמבער 1939), איז חיים אַוועק מיט זיין משפּחה אין אַ צווייט שטעטל, ווו ר׳האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער. דאָרט האָט ער מיט זיין פרוי און קינדער געטיילט דעם ביטערן גורל פון די אומגעבראַכטע יידן.

משה־אהרון איז געווען יינגער פון חיימען מיט 5 יאָר, אויך אַנדערש פון אים מיטן כאַראַקטער. ער האָט ניט באַזיצט חיימס פעיִקייטן צום האַנדל. דערפאַר איז ער געווען אַ גוטהאַרציקער און רויִקער, באַליבט ביי דער גאַנצער משפּחה. ער איז צוגע־שטאַנען צום קאָאָפּעראַטיוו. זיין אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן קונים אויסערן שטעטל. אַ דאַנק זיין שטילן כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט, איז עס אים טאַקע גע־לונגען. ער איז געווען אַ ציוניסט און איינגעזאַפּט אין זיך די השכּלה־ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן אויף דער יידישער גאַס. זיינע חברים זענען אויך געווען ציוניסטן און אונדזער היים איז געווען דער צענטער פאַר דער דאָזיקער גרופּע, הגם זיי גופא האָבן זיך ניט גע־גרייט עולה צו זיין, האָבן זיי אַ סך געטאָן פאַרן ציוניסטישן געדאַנק.

משה־אהרון האָט חתונה געהאַט מיט לאהן, די טאָכטער פון אשר שאַפּירא — און פאַרלאָזט די היים. ווען איך האָב עולה געווען, האָט ער שוין געהאַט צוויי זין. מיטן אַריינ־מאַרש פון די רוסן קיין דאָקשיץ, האָט מיין ברודער אַ סך געליטן. אים איז שווער געווען זיך צוצופּאַסן צו פיזישער אַרבעט, די רוסן האָבן אים אָבער געצוווּנגען צו אַרבעטן, כּדי ער זאָל קענען אויסהאַלטן די פאַמיליע. ער האָט באַקומען די צוקער־קראַנקייט און אומ־געקומען אין דאָקשיצער געטאָ צוזאַמען מיט זיין משפּחה.

מיין שוועסטער שרה־אסתּר איז געווען אַ טראַגיש געשטאַלט. ניט געפונען זיך איר אָרט אין דער פיל קינדערדיקער פאַמיליע. זי האָט זיך אויסגעצייכנט אין לערנען, די איינציקע, וועלכע האָט באַקומען מאַטורע. ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט אָנגענומען צו ווערן אויפן אוניווערסיטעט אין פּוילן, האָט זי פּרובירט אַנטלויפן קיין רוסלאַנד, נאָר ס׳איז איר ניט געלונגען. דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען פאַר איר צו ענג און דעריבער איז זי תּמיד געווען שלעכט געשטימט. זי פלעגט מאַכן זאָרג דער מאַמען. מיינע גוטע ברידער האָבן אַלץ געטאָן, כּדי געפונען פאַר איר אַ פּאַסיקן מאַן. זי האָט חתונה געהאַט און אַוועק וווינען אין ווילנע. אויך דאָרט האָט זי ניט געהאַט קיין מזל. בעתן קריזיס אין פּוילן אין די דרייסיקער יאָרן, האָט אסתּר־שרה אָנגעוווירן איר געלט און געלעבט דערנאָך אין גרויס נויט. זי, איר מאַן יהודה און זייערע צוויי קליינע קינדער, זענען אומגעקומען אין ווילנע געטאָ.

פון דער משפּחה קאָפּעלאָוויטש זענען געבליבן פיר שוועסטערס. איך האָב זיך אויפ־

געשטעלט מיין היים אין קיבוץ עין־חרוד, צוזאַמען מיט מיין יוגנט־חבר, איינער פון די בעסטע פון דער דאָקשיצער יוגנט — חיים סאָלאָווײ־זמירי. אין חודש ניסן 1965 האָט חיים צוגעמאַכט זיינע אויגן אויף שטענדיק.

מיין שוועסטער בעלאַ האָט געפונען איר היים אין קיבוץ יפעת, צוזאַמען מיט איר משפחה — און זי האָט פיל אַדורכגעמאַכט פאַר די קנאַפע 40 יאָר פון איר זיין אין לאַנד.

אונדזער עלטסטע שוועסטער ראָזאַ איז געקומען אין לאַנד מיט 6 יאָר צוריק, מיט איר זון שמעון, דער איינציק איבערגעבליבענער פון דער גאַנצער משפחה. זי איז געוואָרן אַן אַלמנה און פאַרלוירן איר זון און טאָכטער אין שטעטל קראַסנע. אַלע זענען אומגעקומען פון די נאַצישע רוצחים

צוויי זין פון אונדזער שוועסטער אידאַ, וועלכע געפינט זיך אין דרום־אַפריקע מיט איר מאַן מירים פּאַלאַק, זענען געקומען קיין ישראל מיט זייערע משפחות. מיר ווילן האָפן, אַז אויך זייערע עלטערן וועלן געפינען דעם וועג אין לאַנד, צוזאַמען מיט זייער זון יוסף — און זאָלן די שרידים פון דער משפחה קאָפּעלאָוויטש ניט וויסן מער פון די צרות אין גלות.

נסיה זמירי (קאָפּעלאָוויטש) / עין־חרוד (אחוד)



# אונדזער העלדישער ברודער ישעיה

## א

אונדזערע עלטערן ברוך און פייגע סאַסמאַן ז״ל, זענען אומגעקומען בערך צוויי וואָכן פאַר פסח, גראַד דעמאָלט, ווען עס זענען נאָך נישט פאָרגעקומען קיין שחיטות.

12 אַ זייגער ביינאַכט, ווען מיר האָבן זיך געפונען ביים זיידן אין שטוב אויפן שול־הויף, ווו מיר האָבן דעמאָלט געלעבט, האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן אין טיר. עס זענען אַריין 5 שטעטישע קריסטן, געוו. חברים און שילער פון קלאַס און באַפוילן אַלעמען צו שטעלן זיך מיטן פנים צו דער וואַנט. דעם טאַטן מיט דער מאַמען האָבן זיי געבונדן די הענט, אויך געבונדן ישעיהן, זיאַמע ליפשיץ און זיין פרוי דאַבע, ישעיהס ווייב שיפרה מיטן צווילינג פון דריי חדשים.

דער טאַטע האָט זיך באַלד פאַרלוירן, אָבער די מאַמע האָט מיטן פולן באַוווּסטזיין פון דער לאַגע גענומען רעדן און בעטן — ביז זיי האָבן איבערגעלאָזט מיך, די שוועגערין מיט די קינדער. די עלטערן, מיין מאַן און די ברידער האָבן זיי אַוועקגענומען פון שטוב געבונדענע. געפירט האָט מען זיי צום גרוב, אָבער ישעיהן און זיאַמען איז

געלונגען צו אַנטלויפֿן. מײַן מאַן, זיאַמע ליפשיץ, איז אומגעקומען שפּעטער, בעת דער צווייטער שחיטה.

ב

איצט וויל איך באַשרײַבן אונדזער באַהעלטעניש („סכראָן").

אין זיידנס שטוב, ווו מיר האָבן געלעבט אין דער צייט פון דער לעצטער שחיטה, זענען מיר געווען ניין פּערזאָן: איך, מײַן שוועגערין ריווע, מײַן שוועסטער דאָבע, ישעיה מיט זײַן פרוי שיפרה און מילע קוגעל דער קאַמאַשניק מיט זײַן ווײַב און צוויי זין. ישעיה האָט דאָרט געמאַכט דריי סכראָנען: צוויי אויף צו פאַרווישן די שפּורן, און איינעם — אין דער פּאַוועטקע פון האַלץ. דאָרט איז געווען אַזוי נידעריק, אַז שטיין האָט מען נישט געקענט, נאָר זיצן.

פיר אַ זייגער פאַרטאָג איז ישעיה אַרויסגעגאַנגען און באַמערקט, אַז דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט. מיר האָבן קוים באַוויזן זיך אַרײַנצוכאַפּן אין סכראָן, אָן די קינדער. אין זעלבן מאָמענט זענען די דײַטשן שוין געווען אין שטוב. דורך די שפּאַרעס פון סכראָן, וואָס זענען געווען אין אַ צעפוילטע פּאַוועטקע מיט האָלץ, האָבן מיר געזען ווי די דײַטשן האָבן אונדזערע צוויי פּיצעלעך קינדער צעריסן פאַר די פיסלעך.

אין סכראָן זענען מיר 9 נפשות געזעסן אָן עסן און טרינקען אין משך פון 10 טעג. דעם דורשט האָבן מיר געשטילט מיטן באַשמירן זיך די ליפּן מיט אונדזער אורין. עסן האָט זיך נישט געוואָלט און ס'איז אויך נישט געווען וואָס. לופט האָבן מיר געהאַט פון די שפּאַרעס אין דער באַהעלטעניש. מיר זענען געשוואָלן געוואָרן.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אונדזער פינצטער באַהעלטעניש, ווײַל מיר האָבן געזען, אַז אין סכראָן וועלן מיר סיי ווי אומקומען.

ג

ישעיה האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע אונדז צו פירן, ווײַל ער האָט געדינט אין מיליטער און אויך זיך גוט אָריענטירט אין דער געגנט. אויף זײַן באַפעל האָבן מיר אַלע, אין איין שורה, געפּויזט אויף אַלע פיר ביז גאָרדאָנס סאַזשלקע. פון דאָרט זענען מיר דורך די פעלדער אַוועק צו אַ באַקאַנטן פּויער אין קאַרפּווקע, פיר קילאָ־מעטער פון שטעטל.

דער פּויער האָט אונדז אַרײַנגעלאָזט אין סעדל, געבראַכט עסן, נאָר צומאַרגנס געהייסן אונדז גיין. געשוואָלענע און באָרוועסע, האָבן מיר זיך געלאָזט קיין גלובאָקע, ווו עס האָט זיך נאָך געפונען די משפחה און מײַן ברודערס פרוי. דער פּויער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז אין גלובאָקע זענען נאָך דאָ אַלע יידן. וועגן אַ שחיטה דאָרט האָט מען נישט געהערט.

קיין גלובאָקע האָט אונדזער ברודער געפירט אונדז אויף קרולעווטשיזנער

טראַקט, דורך די פעלדער. אויפן וועג האָבן מיר געמוזט אַדורכגיין די באַן־ליניע, ווו אַ פּויער מיט אַ קליין יינגל האָבן אונדז באַמערקט און געגעבן צו וויסן די דייטשן. נישט ווייט האָט זיך געפונען אַ כמיזניק. ווי נאָר מיר האָבן אים דערגרייכט, האָט מען אונדז באַשאָסן. ס׳איז געווען 10 אַ זייגער אין אָוונט. מיר זענען דאָרט געלעגן ביז 2 אַ זייגער ביינאַכט. נאָך אַ פּאָר שעה, ווען קיין שיסעריי האָט זיך שוין נישט געהערט, האָבן מיר ווידער געפּויזט אויף אַלע פיר נאָך דריי קילאָמעטער, באַרג אַראָפּ. מיר האָבן באַמערקט, ווי פּאַסטעכער טריבן די קי אין פעלד. נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, זענען מיר צו זיי צוגעגאַנגען. מיר האָבן זיי גאָרנישט געזאָגט. זיי האָבן נישט געפרעגט — און צוזאַמען זענען מיר אַריין אין שטאָט.

ד

דער אומקום פון אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, די געוואַלדן און געשרייען פון די 3־חדשימדיקע קינדערלעך פון מיין ברודער — האָבן נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן. מיין ברודער גייט אַרום ווי צעמישט. ער קען נישט איינזיצן.

ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן די שחיטות דורך פאַרנאַרן די גלובאָקער יוגנט צו קומען אויפן פּלאַץ, כלומרשט אויף אַרבעט. דאָרט ווערן אַלע אויסגעשאָסן.

ישעיה שרייט: „נקמה וויל איך — און איך וועל זי נעמען!״.

ה

יאָ, עס איז שוין באַלד דרייסיק יאָר, ווי מיין ברודער ישעיה סאָסמאַן איז געפאַלן אין העלדישן קאַמף, כדי נקמה נעמען אין די דייטשן. ער איז געווען דער קלענסטער פון מיינע דריי ברידער, געבוירן אין יאָר 1910, גוט אַנטוויקלט, אַ מוטיקער אין אַלע זיינע מעשים. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שחיטות אין שטעטל, איז ישעיהס איינציקער ציל געווען צו נעמען נקמה פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, פאַר דעם בלוט פון זיינע קינדער, עלטערן, שוועסטער און ברידער, ווי אַ פאַרשפּאַרטע חיה, האָט ער זיך געראַנגלט און געזוכט אַ וועג צו נקמה.

בעת דער לעצטער שחיטה אין דאָקשיץ, זענען מיר לעבן געבליבן אַ דאַנק אונדזער ברודער, וועלכער האָט אונדז דורך פאַרשידענע וועגן, באַשאָסענע דורך די דייטשן, אַרויסגעפירט, ביז מיר זענען אַלע אָנגעקומען אין גלובאָקער געטאָ. ישעיה האָט גלייך גענומען גרייטן זיך אַרויסצוגיין אין די וועלדער. ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ גרופּע יינגלעך, געלאָזן אונדז אַלע וואַרטן, ביז ער וועט קענען קומען אונדז נעמען. זיין פּלאַן איז נישט געלונגען. ער האָט זיך צוריקגעקערט אַ נאַקעטער און באָרועסער, באַרויבט פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אים צוריק געשיקט. אָבער ישעיה איז נישט פאַרצווייפלט. זיין מוט און ווילן צו נעמען נקמה, לאָזן אים נישט אָפּ. ער

גרייט זיך ווידער אין וועג אריין. ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון צוועלף מאַן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אַ ציל אַרויסצונעמען נאָך יידן פון געטאָ.

נאָך אַ סך וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, האָט זיך ישעיה געטראָפן מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון דער בריגאַדע א. נ. פון מיעדוויעדעוו. דאָרט זענען געווען קריסטלעכע פּאַרטיזאַנער פון אונדזער געגנט, וועלכע האָבן געקענט ישעיהן פון פריער. זיי האָבן וועגן אים געמאָלדן דעם קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע. אָפּנעמענדיק וועגן אים אַ גוטע מיינונג און נאָכן באַקענען אים, האָט דער קאָמאַנדיר אים פאַרגעלייגט אַן אויפגאַבע, וואָס אויב ער וועט זי אויספירן, וועלן זיי צונעמען צו די פּאַרטיזאַנער אויך די פרויען. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז די אויפגאַבע האָבן זיי שוין געפּרוּווט עטלעכע מאָל, נאָר ס'איז נישט געלונגען. קיינער האָט זיך נישט צוריק געקערט.

ישעיה שרעקט זיך נישט. נישטאָ וואָס צו פאַרלירן. ער נעמט זיך אונטער.

## ו

דער פּלאַן איז: גיין צו דער מאַלאָדעטשנער באַן־סטאַציע און דאָרט, דורך די פאַרבינדלערס, דערוויסן זיך, ווען, וויפל און וועלכע עשאַלאָנען עס גייען אַדורך. נישט ווייט פון דער באַן־ליניע זענען אויך באַגראָבן עטלעכע ביקסן און גראַנאַטן. זיין אויפ־גאַבע איז, צוזאַמען מיט די פאַרבינדלערס, אויפצורייסן אַן עשאַלאָן און ברענגען דאָס געווער. זיי גיבן אים צייט צען טעג.

ישעיה איז אַוועק — און אויך די צייט איז פאַריבער. נאָך 10 טעג, איז מיין ברודער נישטאָ. מען הייסט אונדז פאַרלאָזן די געגנט.

צו מאָרגנס, ד .ה. דעם עלפטן טאָג, איז ישעיה דאָ צוריק. ער האָט אַלץ אויסגעפירט. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן צוויי עשאַלאָנען, מיט זעלנער און געווער, וועלכע זענען געגאַנגען אויפן פראָנט. זיי האָבן געהרגעט די וועכטער און געברענגט דאָס געווער מיט די גראַנאַטן פאַר די פּאַרטיזאַנער.

אַזוי האָט זיך פאַרווירקלעכט דער טרוים פון מיין ברודער — בלוט פאַר אומשולדיק בלוט!

## ז

ער איז דערנאָך געוואָרן דער אָנפירער פון אַ ספּעציעלער גרופּע. ס'איז צו אים צוגעשטאַנען נאָך אַ יידישער העלד, יידל יעסין, געבוירן אין דאָרף טאָמילעוויטש אין אונדזער געגנט. די צוויי העלדן האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט פון דיווערסיע־אַרבעט קעגן די דייטשן. כמעט יעדע נאַכט האָבן זיי אונטערגעצונדן די פּאָלוואַרקן, באַזעצטע דורך די דייטשן. ס'איז געפאַלן אַ פּחד אויף דער פּאָליצײַ און דייטשן פון דער געגנט. דער קאָמענדאַנט פון דאָקשיץ, קאָמולקאָ, האָט צוגעזאָגט אַ

הויכע באַלוינונג פאַר זייערע קעפּ. ער האָט דערקלערט, אַז ישעיה סאָסמאַן וויל ער האָבן אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן — דעמאָלט וועט זיין רויק.

נאָך יעדער אַקציע, פלעגט ישעיה צוריק קומען אַ פריילעכער, מיט געזאַנג.


ישעיהו סאָסמאַן הי״ד

אַמאָל האָבן מיר אים געפרעגט: „וואָס ביסטו אַזוי פריילעך?" האָט ער געענטפערט: „איך נעם נקמה. מיין לעבן איז דאָך קורץ. זייט שטאָלץ מיט דעם".

די נאַכט פאַר זיין אומקום, האָט ישעיה מיט יידלען און זייער גרופּע אויסגעפירט אַ זייער שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. אין דער פרי האָט די פּאַרטיזאַנער־אָנפירונג גע־וואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ רושם דאָס האָט גע־מאַכט אויף דער באַפעלקערונג. זיי לאָזן זיך באַקוקן דאָס אָרט. ישעיה וויל מיטפאָרן, נאָר זיי לאָזן אים נישט, ווייל ער דאַרף זיך אָפּרוען. אין אַוונט וואַרט ווידער אַרבעט. ישעיה איז נישט מסכים. ער פאָרט מיט, רייטנדיק אויף זיין פערד.

אָנקומענדיק אין דאָרף טרעשטשאַניצע, שטויסן זיי זיך אָן אויף אַ „זאַסאַדע". עס האָט זיך פאַרבונדן אַ קאַמף — און ישעיה איז געפאַלן ווי אַ העלד. מ׳האָט אים קובר געווען מיט גרויס פאַראַד. די פּאַרטיזאַנער האָבן דערמאָנט אַלע זיינע העלדישע מעשים. ער ליגט אויף אַ בערגל נעבן דאָרף טרעשטשאַניצע, דאָקשיצער געגנט.

דער חבר זיינער יידל יעסין האָט נאָך געקעמפט ביז דער לעצטער בלאָקאַדע — און געפאַלן.

ח

מולע קוגל האָט אַפילו נישט דערלעבט אַרויסצוגיין פון סכראָן. דאָרט זיצנדיק, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה. די פרוי מיט די קינדער זענען אַרויס צוזאַמען מיט אונדז, אָבער זיי זענען אַוועק דורך אַן אַנדערן וועג — און אומגעקומען.

**דאָבע און אסתר סאָסמאַן**

פאַרצייכנט: יוסף שאפּירא, רעננה



# לזכרו של משה׳לה בן פיוול ודישקה קזיניץ

בן 19 בלבד היה בנפלו בקרב ליד ווארשה והוא כה אהב את החיים. משה׳לה היה בחור שקדן, רציני ובביישן. בדברו עם בנות כיתתו, היה נבוך ונהג להסמיק מבושה. כולנו אהבנו אותו כידיד ורע נאמן. היה בן אהוב ומסור להוריו. הוא לא היה מסוגל לשבת בעורף, בשעה שבחזית התנהלו קרבות מרים ועקובים מדם. רצה ליטול חלק פעיל בחזית.

משה׳לה למד בבית־הספר „תרבות״, והספיק ללמוד במשך שנתיים בוילנה בישיבה, עד לכניסת הצבא־האדום. עם ייסוד בית־הספר האידי, נכנס לכתה החמישית, יחד עם שאר בני הנוער בגילו. את הכיתה השביעית סיימנו יחדיו בהיותנו כבר במרכז סיביר, בקולחוז בסביבת נובוסיבירסק. התנאים היו קשים מנשוא. לא היה לנו בגד חם ללבוש, ולא נעליים לנעול. כך היינו משתמשים בחילופין על פי תור קבוע במעיל ובזוג המגפיים. לא פעם היינו נתונים במצב של חוסר־תזונה והחיים הכבידו עלינו את עולם. משה׳לה הצליח למרות הכל לסיים את בית־הספר בהצטיינות.

שנתיים אחרי סיימו את בית־הספר העממי, לא חדל מלכתוב בקשות להתקבל לבית־הספר הצבאי, אך בהיותו בן עם־נרדף, דחו אותו בלך ושוב. הדבר גרם לו למפח נפש ולצער רב. „איך אפשר לשבת בחיבוק־ידיים, בלי לנקום סבלו וחרפתו של עמי?״ — נוהג היה לומר. בלית־ברירה השלים עם העובדה שכה ציערה אותו.

הוא נרשם לבית־הספר התיכון, ונתקבל, אך לא זכה להגיע לכלל לימודים. המצב בחזית השתנה לרעה. הצבא־האדום החל לנוע מערבה, ואז קיבל משה׳לה את צו־הגיוס, לו ייחל במשך זמן רב. כעבור שלושה חדשי הכנה קדם־צבאית, נשלח משה׳לה לחזית. לידי נצחון לא הגיע. בעיצומו של הקרב נפל. הוריו ומוקירי זכרו מבכים מרה את מותו.

יהי זכרו ברוך!

**שושנה (מלצר) וינבוים / בית חנניה**



# צום אָנדענק פון משהלע קאַזשיניץ

### (בן פייוול און דישקע)

בלויז 19 יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ר׳איז געפאַלן אין דער שלאַכט ביי וואַר־שע — און ער האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס לעבן. משהלע איז געווען אַ פלייסיקער, ערנסטער און שעמעוודיקער. ווען ער האָט גערעדט מיט די שילערינס פון זיין קלאַס,

פלעגט ער זיך אין פֿאַרלעגנהייט און זיך פֿאַרויטלען. מיר אַלע האָבן אים ליב געהאַט ווי אַ פֿריינד און טרייען חבר. ער האָט צו די עלטערן אַרויסגעוויזן ליבשאַפֿט און אײַבערגעגעבנקייט. בעת אויפֿן פֿראָנט זענען אָנגעגאַנגען שלאַכטן, איז ער ניט געווען מסוגל צו זיצן אין הינטערלאַנד. ער האָט געוואָלט זיין אויפֿן פֿראָנט.

משהלע האָט געלערנט אין דער תרבות־שול, באַוויזן אויך צוויי יאָר צו לערנען אין דער ווילנער ישיבה — ביז ס'איז געקומען די רויטע אַרמיי. מיטן אויפֿשטעלן אַ יידישע שול, איז ער אַריין אין פֿינפֿטן קלאַס, צוזאַמען מיט אַנדערע יוגנטלעכע פֿון זיין עלטער. די זיבעטע קלאַס האָבן מיר געענדיקט צוזאַמען, שוין זייענדיק אין סיביר, אין אַ קאָלכאָז, אין דער געגנט פֿון נאָוואָסיבירסק. דאָרט זענען געווען אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען. מיר האָבן ניט געהאַט קיין וואַרעם בגד אויפֿן גוף און שיך אויף די פֿיס. דעריבער פֿלעגן מיר לויט דער ריי אָנטאָן אַ וואַרעמען מאַנטל און אַ פּאָר שטיוול. ניט איין מאָל האָבן מיר געלעבט אין באַדינגונגען פֿון אונטער־דערנערונג. טראָץ אַלעמען האָט משהלע מצליח געווען צו פֿאַרענדיקן די שול מיט אַן אויסצייכענונג.

צוויי יאָר נאָכן ענדיקן די פֿאָלקס־שול, האָט ער ניט אויפֿגעהערט שרייבן ווענדונגען וועגן אָננעמען אים אין אַ מיליטערישער שול. נאָר זייענדיק אַ זון פֿון אַ גערודפֿט פֿאָלק, האָט מען אים כסדר אָפּגעזאָגט, וואָס האָט אים פֿאַרשאַפֿט פֿיל אַנטוישונג און צער. „ווי קאָן מען זיצן מיט ליידיקע הענט און ניט נקמה נעמען פֿאַר די ליידן און שאַנד פֿון מיין פֿאָלק?" — פֿלעגט ער זאָגן. ניט האָבנדיק קיין ברירה, האָט ער משלים געווען מיט דעם פֿאַקט, וועלכער האָט אים פֿאַרשאַפֿט פֿיל צער.

ער האָט זיך פֿאַרשריבן אין אַ מיטלשול און געוואָרן אָנגענומען, אָבער ניט זוכה געווען אָנצוהויבן זיך לערנען. די לאַגע אויפֿן פֿראָנט האָט זיך געענדערט, די רויטע אַרמיי האָט מאַרשירט אויף מערב און ערשט דעמאָלט האָט משהלע באַקומען דעם מאָביליזאַציע־רוף, וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג אויסגעקוקט. נאָך דריי חדשים מיליטערישער צוגרייטונג, איז משהלע אַוועק אויפֿן פֿראָנט. דעם נצחון ניט דערלעבט. אין מיטן די שלאַכטן געפֿאַלן. זיינע עלטערן און חברים באַווייגען זיין טויט.

געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק!

שושנה מעלצער־וויינבוים / בית חנניה



# לזכר אחי זוסיה

למעשה קטונתי מלבטא בכתב את אותה האהבה הגדולה שהנני רוחשת לעיירתי דוקשיץ. אלה אינם געגועים לנוף ולשדות, כי הנוף לא נופינו והשדות לא שדותינו — אלה הם געגועים לפשוטי עם־ישראל ששכנו בתוכה. היה זה ישוב בן כמה מאות משפחות שידע להקים בלי עזרה ממשלתית רשת עשירה של מוסדות חינוך וצדקה לתפארת.

בזכרוני עולה דמותו של אחי, זוסיה, המסור למשפחתו, שנשא בעול הפרנסה מגיל



חמש־עשרה. בשיחותיו עמי נוהג היה לומר: „כמה חבל שאני נשארתי איש־בית וכל כך נמאסה עלי העיירה." אני, הקטנה במשפחה, נהניתי מחופש יתר, ולא פעם הייתי עדה לכך, עד כמה מצטער אחי שאין באפשרותו להצטרף לתנועה, וכי ימי נעוריו מתבזבזים לריק. כל אימת שאני נזכרת באחי, רואה אני את טוב לבו ופשטותו. נזכרת אני במעשה שארע אחרי המלחמה של שנת 1917.

ביום בהיר אחד, יצא אחי לשוק ושב הביתה כשהוא נושא על כתפיו בחור יפה־תואר, אך הלה חסר היה את שתי רגליו. אחי סיפר כי מצאו פושט יד בשוק ונכנס עמו לשיחה. מחילופי הדברים התברר לאחי, כי הבחור נפצע בעת המלחמה ואיבד את שתי רגליו. זוסיה נטלו והביאו לביתנו ושם טיפל בו במסירות ובאהבה לאין שיעור, במשך שבועיים ימים. אחי נהג לעבוד ולחסוך כסף, כדי לקנות עבור הנכה פרוטזות. לאחר מכן שלחו אחי ברכבת אל העיר הקרובה עם מכתב המלצה לרב. מעשה זה נראה בעיניו כמובן מאליו.

בגלל טוב־לבו, סירב לעזוב את ההורים ולעלות ארצה. טען, כי זוהי בריחה וכי יש לעזור להורים להתגבר על צרותיהם. לעתים קרובות אף עמד לימיני, כאשר הלכתי לתנועה והורי לא הסכימו לצעדי זה.

נזכרת אני במכתביך, בעלי הנוסח האחיד. היית קורא לי לעזרה, כי האדמה בוערת תחתיך. ואני, כה רציתי לעזור, אך ידי קצרה מלהושיע. מטופל היית באשה ובילדים, ולפי מכתביך ניתן היה להבין, כי אתה מאושר בחוג משפחתך. סירבת להימלט ולהינצל, והלכת עם שאר בני משפחתך אל הדרך שממנה אין שבים.

רואה אני אותך ניצב מולי, אך פניך מעורפלות, כי עיני דומעות...

מלכה אבל / עין־שמר



## צום אָנדענק פון מיין ברודער זוסיע

איך בין צו שוואַך אויסצודריקן שריפטלעך די גרויסע ליבע צו מיין היים־שטעטל דאָקשיץ. דאָס איז ניט קיין בענקשאַפט צו דער לאַנדשאַפט, צו די פעלדער, ווייל דאָס אַלץ איז ניט געווען אונדזערס. איך מיין די בענקשאַפט נאָך די פשוטע ייִדן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט. דאָס איז געווען אַ ישוב פון עטלעכע הונדערט משפחות, וועלכע האָבן אָן מלוכהשער שטיצע געוווסט אויפצושטעלן אַ ברייטע נעץ פון דערציִונגס־אַנשטאַלטן און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס.

אין מיין זכרון טויכט אויף דאָס געשטאַלט פון מיין ברודער זוסיע, וועלכער איז געווען טריי זיין משפחה. דעם עול פרנסה האָט ער גענומען אויף זיך אַלס 15־יאָריק יינגל.

ער פלעגט מיר זאָגן: „סאַראַ שאָד, אַז איך בין געבליבן אַ שטוב־מענטש, מיר איז נמאס געוואָרן דאָס שטעטל״. איך, די יינגסטע אין דער משפחה, האָב געגאַסן פון מערער פרייהייט און ניט איין מאָל געווען אַן עדות דערפון, ווי ער האָט באַדויערט פאַר וואָס ער קאָן ניט אָנשליסן זיך אין דער אָרגאַניזאַציע און אַז זיינע יוגנט־יאָרן ווערן צעטרעטנצלט אויף גאָרניט.

ווי נאָר כ׳דערמאָן זיך אין מיין ברודער, זע איך זיין גוטהאַרציקייט און פשוטקייט. איך דערמאָן זיך אין אַ געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט נאָך דער מלחמה, אין יאָר 1917:

אין אַ שיינעם העלן טאָג איז מיין ברודער געקומען צוריק אַ היים, שלעפּנדיק אויף זיינע אַקסלען אַ שיינעם יונגערמאַן, וועלכער האָט ניט געהאַט ביידע פיס. מיין ברודער האָט דערציילט, אַז ער האָט אים געטראָפן אויפן מאַרק בעטלען און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער בחור איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין דער מלחמה און פאַרלוירן ביידע פיס. זוסיע האָט אים טאַקע געבראַכט אַ היים און במשך צוויי וואָכן מיט אים זיך פאַרנומען מיט גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט און ליבע. מיין ברודער פלעגט אַרבעטן און שפּאָרן געלט, כדי קויפן פאַרן אינוואַליד פּראָטעזן. דערנאָך האָט זוסיע אים געשיקט מיטן באַן אין דער נאָענטסטער שטאָט מיט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום אָרטיקן רב. די דאָזיקע האַנדלונג האָט ביי אים אויסגעזען אַ זעלבפאַרשטענד־לעכע.

צוליב זיין גוטהאַרציקייט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן די עלטערן, בכדי עולה צו זיין. זיין טענה איז געווען, אַז דאָס איז אַן אַנטלויפן און מ׳דאַרף העלפן טאַטע־מאַמע גובר צו זיין די צרות. אָפטמאָל פלעגט ער מיר העלפן, ווען כ׳בין געגאַנגען אין דער אָרגאַניזאַציע און מיינע עלטערן האָבן דערצו ניט מסכים געווען.

*

...איך געדענק דיינע בריוו, אַלע פון זעלבן נוסח. האָסט געוואָלט הילף, ווייל די ערד האָט געברענט אונטער דיינע פיס. איך האָב דיר געוואָלט העלפן, כ׳בין אָבער אַליין געווען הילפלאָז. דו האָסט געהאַט אַ פרוי און קינדער און פון דיינע בריוו האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז ביסט אַ גליקלעכער מיט דיין משפחה. האָסט ניט געוואָלט אַנטלויפן, זיך ראַטעווען — און צוזאַמען מיט דער פאַמיליע ביסטו אַוועק אין וועג פון וועלכן קיינער איז ניט געקומען צוריק.

איך זע דיך שטיין אַנטקעגן מיר, נאָר דיין געזיכט איז פאַרנעפּלט, ווייל מיינע אויגן זענען פול מיט טרערן...

**מלכה אבל / קיבוץ עין־שמר**



# על משפחה אחת בדוקשיץ

דוקשיץ, עיירת הולדתי, ניצבת לנגד עיני, כפי שעזבתי אותה לפני 25 שנה, עת יצאתי להכשרה.

דוקשיץ היתה עיירה יהודית טיפוסית, מוקפת כפרים של גויים, שנתנו לה את צביונה המיוחד. בתי העיירה נמוכי הקומה התמשכו לאורך 4 רחובות ראשיים ומהם יצאו סימטאות. רוב תושבי העיירה עסקו במסחר ובמלאכה ומצאו את פרנסתם בדחק.

חיי החברה של הדור הקשיש התרכזו סביב ארבעה בתי כנסת במקום, שנקרא „שול־הייף". לעומת זאת השתייך הנוער ברובו לתנועות נוער שונות, כגון: „השומר־הצעיר", „החלוץ", „בית״ר" ועוד. מספר בתי הספר היה שניים: „תרבות" ובית הספר העממי הפולני. כדי להמשיך בלימודים, צריך היה לנסוע לווילנה, גלובוקי או מקומות אחרים.

ביתנו הזכור לטוב עמד ברחוב קושצ׳ושקו (גלובוקי־גאס) מס׳ 6. צעירים וצעירות בילו אצלנו את רוב זמנם הפנוי.

משפחתנו מנתה 6 נפשות: סבא אברהם, סבתא זלאטה, אמא חוה־רחל ושלושת הילדים — יוסף, משה׳קה וסוניקה.

כל תושבי העיירה הכירו אחד את השני והיה מספיק לומר כי אני „אברהמל שמעון׳ס אייניקל" („נכדו של אברהמל שמעון") — ומיד ידעו למי אני משתייכת. את אבינו, שנפטר בהיותנו קטנים, לא הכרנו. מפרנס המשפחה היה סבי, אבל במרוצת הזמן עזר לו משה׳קה אחי.

חיי היהודים בעיירה לא היו קלים. אמי לקחה אף היא חלק פעיל בפרנסת המשפחה ועזרה רבות במסחר, שרוב הכנסותיו היו ממכירת פשתן ותבואה.

אמי, אשה ערה ופקחית מאד, קטנטונת ומלאת מרץ, היתה מנהלת את הבית וגם מחנכת את ילדיה. חייה היו קשים מאד, אבל היא ידעה להתגבר ומצאה תמיד רגעי שמחה, ובעיקר — השמחה לגדל וללמד אותנו. שמחתה גברה, כאשר הראו את ילדיה כדוגמה טובה לאחרים. מכאן נשאב הכוח שנתן לה את הסיפוק בחייה העלובים.

אחי יוסף היה מוכשר ללימודים, פיקח אבל חלש במקצת בגופו. מאד רצה להמשיך בלימודים, אולם אפשרויותינו המוגבלות אילצוהו להפסיק. הוא השתלם בכוחות עצמו וידיעותיו היו מקיפות ולכן אף כונה „האנציקלופדיה החיה". הוא למד הנהלת חשבונות והפך למומחה במקצועו. שאיפתו הגדולה היתה לעלות ארצה ולהצטרף לקיבוץ עין־שמר. שנתיים היה בהכשרה, אבל לעלייה לא הגיע, משום שלא השיג את ה„סרטיפיקט".

משה, אחי השני, לאחר גמר בית־הספר העממי, החל להיות לעזר רב לסבי. חושו המסחרי והצטיינותו הספיקו לו כדי להתחיל בעבודה. משה היה בחור בריא, יפה וטוב לב. השתייך לתנועת „השומר־הצעיר", אבל עול הפרנסה לא איפשר לו לעזוב את הבית.

לאחר זמן התחתן עם מאַטלה חלבנוביץ ובנו להם בית. נולד להם בן, אלא שאני לא הספקתי להכירו. כל הזמן תליתי תקוה בכך שהספיק להמלט מצפורני החיה הנאצית, אולם עד היום לא נתקבלה ממנו כל ידיעה.

זכורים לי המלים האחרונות של אמי לפני עליתי ארצה: „סוניקה, אני תמיד רוצה להיות לידך ואתך לחיות יחד. זכרי זאת — כמו ההורים של מנדל מרקמן — לחיות בקיבוץ..." חיי הקיבוץ קסמו לה מאד ובטוחה היתה שבעתיד נחיה ביחד חיי עבודה בארץ.

בלב דואב שמעתי את שנעשה בזמן המלחמה בעיירתנו ובמשפחתי האהובה. יכולה אני להעלות בדמיוני את הימים האחרונים האיומים שהם עברו, את הסבל הרב שסבלו בהיותם חפים מפשע. בני משפחתי חרוטים היטב בזכרוני — כאילו חיים הם עמי כיום.

אינני יכולה שלא להזכיר מספר משפחות שביתנו היה להם לבית שני, והם: משפחת רוזוב (דער היטלמאכער) את אמא של ליבע רוזוב, שהיתה כה אהובה עלי. את הורי בתיה ושאול מרקמן, את משפחת סולוביי, קמנקוביץ שגרו מולנו ואת משפחת קלונר ועוד רבים אחרים שאינם עמנו כיום.

יהי זכרם צרור בצרור החיים.

**סוניה קומנקוביץ׳ / קיבוץ בית־זרע**





**משפחת צ׳וכמן** • **פאמיליע טשוכמאַן**

# לזכרם:



יוסף קמנקוביץ, מראשוני התיאורטיקנים
ומנהיגים של השומר הצעיר. ניספה בגיטו.
יוסף קאַמענקאָוויטש, פון די ערשטע טעאָ־
רעטיקער און פירער פון השומר הצעיר.
אומגעקומען אין געטאָ



ליפה לויתן כמפקד הצופים בארץ־ישראל.
ליפע לעוויטאַן
אַלס קאָמענדאַנט פון „הצופים" אין א"י



ליפה לויתן בכלא עכו
ליפע לעוויטאַן
אַלס אַרעסטאַנט אין דער תפיסה אין עכו



דוד קליינר, בנו של חורט מצבות. מהחלוצים
הראשונים, נפל בהגנת ירושלים
במאורעות תרצ"ו—תרצ"ט
דוד קליינער, זון פון מצבה־קריצער. פון די
ערשטע חלוצים. געפאַלן ביי פאַרטיידיקן
ירושלים בעת די אומרוען אין די יאָרן
1939—1936



ה„פלדשר" מוניה שאַפּירא

מאָניע שאַפּיראָ, דער פעלדשער



יצחק אבלסון, מראשוני המרכסיסטים,
ניספה באופן טראגי בברית־המועצות

יצחק אַבעלסאָן, פון די ערשטע מאַרקסיסטן,
טראַגיש אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד



זלמן אורי ציקלין בצבא הפולני

זלמן אורי ציקלין אַלס פוילישער זעלנער



אלתר יפה, תותחן בצבא האדום
בימי מלחמת העולם השניה

אַלטער יאָפע, אַרטילעריסט אין דער רויטער
אַרמיי בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה



**הסבא והנכד ישראל צדוק'ס. ניספו בגיטו**

**דער זיידע און אייניקל ישראל צדוקס.**
**אומגעקומען אין געטאָ**



**הרופאת פאניה שיינמן שהזריקה לשני ילדיה**
**מורפיום בכדי למנוע את רציחתם**
**ע"י הגרמנים**

**די דאָקטערין פאַניע שיינמאַן, וועלכע האָט**
**איינגעשפריצט מאָרפיום אירע צוויי קינדער,**
**כדי פאַרמיידן זייער דערמאָרדונג**
**דורך די דייטשן**



**נחמן ראובן מרקמן**

**נחמן ראובן מאַרקמאַן**



**חיה רייזל זיסקינד, ניספתה בגיטו**

**חייה רייזל זיסקינד, אומגעקומען אין געטאָ**



שאול זיסקינד (הקצב) ואשתו שניספו בגיטו
שאול זיסקינד (דער קצב) און זיין פרוי,
ביידע אומגעקומען אין געטאָ.



זוסיה מוסין ומשפחתו ז״ל



שמחה לנקין (באמצע) כחייל בצבא האדום
שמחה לענקין (אינמיטן) אין דער רויטער
אַרמיי



**זאב צייטלין ז״ל.**

בנו של צבי ונכדו של וולוויל מדוקשיץ וששמו הוא נושא. הנער גדל בארץ, למד טייס, אך הועבר לצוותי־קרקע של חיל־האוויר.

בעל כשרון למוסיקה, אף ייסד תזמורת משלו.

במלחמת ששת הימים שירת בחיל הקשר בתפקיד של קשר מפקד הזחל״ם. יחידתו השתתפה בקרבות עקובים מדם ליד ביר־גפגפה.

חודשים אחדים לאחר שחרורו מצה״ל, מצא את מותו בתאונת דרכים קטלנית בדרך לחיפה.

יהי זכרו ברוך!



**יוסף שלמה לויתן ז״ל**
**מנכבדי דוקשיץ.**
**נפטר בשיבה טובה בפתח־תקוה — בכ״ז דכסלו תש״ל.**

**יהי זכרו ברוך.**

# העיירה פראפינוב

חייה פוס (מרקמן) ; משה מור (מרקמן)

פראפינוב היתה עיירה קטנה ותחנת הרכבת שבה שימשה גם את דוקשיץ, המרוחקת כ־10 ק"מ מעיירתנו. בתיה היו מפוזרים על פני שטח נרחב, משני צידי פסי־הרכבת. בצד אחד של המסילה היו בתי־המגורים, ובצד שני — מבני הרכבת, המשטרה והפקידות.

מוסדות השלטון המוניציפאלי והכנסיה הקתולית שכנו במרחק של 2 ק"מ מפראפינוב — בכפר פראפינוב. בכפר עצמו גר בעל־האחוזה, שרוב אדמות הסביבה היו קניינו, וכן מפעל לתעשיית יי"ש.

בעיירה היו כ־130 משפחות, מחציתן יהודיות. בשנות העשרים ועד למשבר בשנת 1929, עסקו רוב היהודים בסחר־עצים על כל עבודות־המישנה הקשורות בו. הוקמו שתי מנסרות גדולות בהן עבדו במלוא הקצב, כדי לספק את התצרוכת, ורכבות עמוסות עצים היו יוצאות לעתים תכופות. בידי היהודים היה מספר גדול של חנויות וגם מונופולין על האיטליזים. השלטונות הכשילו את היהודים, בהעבירם את זכות מכירת בשר לפולנים.

האוכלוסיה הכפרית והחלק הלא־יהודי שבעיירה, היתה מורכבת בעיקר מביילו־רוסיים (רוסים לבנים) מיעוטם קתולים. הללו שוחחו בשפתם ולא אהדו את המשטר הפולני, שהשתדל להחדיר אנשים מערי פולין הרחוקות, כדי להשפיע על שינוי יחס האוכלוסיה למשטר ולהגברת האנטישמיות. בדרך כלל היו יחסי הגויים והיהודים תקינים. באירועי שמחה ותרבות של היהודים, השתתפו גם נוצרים. בית מכבי־אש שימש כאולם הצגות ומסיבות לכל האוכלוסיה. במפעלים ובבתי־המלאכה, עבדו היהודים והנוצרים תחת גג אחד ובשקט יחסי. בעיירה היה בית־כנסת אחד ושני רחובותיה הראשיים היו מיושבים בעיקר ע"י יהודים.

עד שנת 1937 שימש אלחנן בן דוד מרקמן כשליח־ציבור, מוהל ומסדר קידושין. הוא שימש גם כשוחט בסביבה הכפרית שהיו בה יהודים ובעיירה הקרובה קרולבשצ'יזנה. ב־1937 נתקבל לעיירה רב צעיר תחתיו.

יהודי העיירה היו בעלי הכרה ציונית. מבוגרים ונוער עסקו בקיום הקרנות הלאומיות, ולא היה בית שלא תרם למטרה נעלה זו ממיטב כספו. הנוער למד בבית־ספר עממי פולני ואחר־הצהריים למד בבית־הספר העברי, בעזרת מורים מיוחדים שהובאו לעיירה לצורך זה. הנוער היה פעיל בתנועות החלוציות שבעיירה, ורובו חונך על ברכי תנועת „השומר־

הצעיר". חברים יצאו להכשרות של תנועות „החלוץ" ו„השומר־הצעיר". הודות לכך, הגיע חלק מבני העיירה ארצה עוד לפני המלחמה.

קומץ נערים זה אירגן הצגות בשפה העברית וייסד ספריה שהכילה ממיטב הספרות העברית והאידישאית. הספריה היתה בביתו של השוחט ובטיפולם של בניו ובנותיו. אותם בני־נוער אירגנו תזמורת כלי פריטה, שהופיעה בפעולות תרבותיות של הנוער, בשיתוף עם אנשי העיירה.

אחרי ההסכם שנחתם בין ברית־המועצות וגרמניה בשנת 1939, נכנסו הרוסים לפראפינוב. כתוצאה מהחלפת המשטרים, חל שינוי יסודי בעיירה. הנוער הסתדר בעבודות שונות בעיירה ובסביבתה. יהודים מונו לתפקידים אחראיים. בראש המועצה המוניציפאלית הועמד יהודי — אהרון לויתן. השרותים הדתיים לא הופסקו ע"י המשטר החדש. קשר המכתבים בין אנשי העיירה לבין בני משפחותיהם בארץ, נמשך כסדרו. חלק מהנוער שחזר לעיירה לאחר לימודיו התיכוניים, החל ללמוד בבתי־הספר האיזוריים שבסביבה, כדי לרכוש השכלה כללית ומקצועית.

*

עם הגיע הצבא ההיטלראי לאיזור בשנת 1941, הפכה העיר למקום בלהות. בפעולתם הראשונה בפראפינוב, תלו הגרמנים את ראש הרשות המקומית, אהרון לויתן. היהודים



גדוד הקרן הקיימת בפרפינוב (1939) * גדוד פון קרן קיימת אין פאַראַפינאָוו (1939)

הורשו אמנם להישאר בבתיהם, אך הגרמנים גייסו מספר אנשים לעבודה וחייבו את היהודים לשלם להם מדי פעם סכומי כסף שונים.

בחודש אוקטובר ריכזו הגרמנים את כל היהודים בגיטו, שהיה רחוב צדדי בעיירה וצופפו שבע ואף עשר משפחות בבית צר־מידות. היהודים עבדו עבודה משותפת וניהלו את חייהם בתנאים איומים. הנוער גוייס לעבודות־נקיון ושדה. הנאצים התחילו להתנכל לילדים ודרשו להעסיקם בעבודות־יד, בריקמה ובסריגה עבור הגרמנים, והודות לכך נשארו יחד עם הוריהם.

השמירה על הגיטו הופקדה בידי צעירים מקומיים, שערכו מדי יום ביומו מפקד נוכחות. בהבטחות־שווא ומירמה, דרשו הגרמנים יותר ויותר תוצרת וכספים, כתנאי להישארותם של היהודים במקום.

ב־31 במאי 1942, בשעה ארבע לפנות־בוקר, הקיפו הגרמנים בעזרת שוטרים מקומיים וכלבים את הגיטו. היהודים נצטוו להתלבש במיטב בגדיהם וליטול עמם את הכסף שברשותם, משום שמעבירים אותם לעבודה בעיירה הסמוכה. בדרך הכניסו את כולם לאולם מכבי־אש, הופשטו מבגדיהם והוכו כדי להממם ובבגדים התחתונים הובילו אותם דרך הרחוב הראשי הארוך, כשמכל העברים מביטים בהם הגויים. כך הובלו עד לפני כפר קטן בסביבה, שם נחפר בור גדול שנועד להיות קברם. הם הועמדו בשורה ונורו ללא־רחם. הבור כוסה בסיד ואדמה ועדי־ראייה סיפרו, כי במשך זמן רב היתה האדמה מתרוממת מנחל הדם שהציף בנחשוליו את הסביבה.



בית הספר „תרבות" בפרפינוב (1932) * די „תרבות"־שול אין פּאַראַפּינאָוו (1932)

מספר בחורים צעירים הצליחו להתחמק בדרכים שונות מידי המרצחים ונמלטו אל תוך היער הקרוב. בחלקם הצטרפו לפרטיזנים, ובחלקם הוסגרו ע״י איכרים מקומיים והומתו ע״י הנאצים.

בת השוחט, חיה מרקמן, ביקרה בשובה מברית־המועצות ארצה בעיירה וחזתה בקבר האחים הבלתי נודע. רק עובדת היות המקום מוגבה מסביבתו הביאה למציאת הקבר בשדה הנרחב. כל רכוש היהודים נגזל בידי התושבים המקומיים. חלק מהבתים נמצא ברשות השלטונות הסוביטיים.

היתה עיירה קטנה, יהודים ישבו בה במשך דורות, התפרנסו בה וניהלו בה חיי תרבות ענפים, עד שבאו המרצחים הנאציים. עתה לא נותר בה יהודי לפליטה...



# דאָס שטעטל פּאַראַפּינאָוו

## חייה פּאָס (מאַרקמאַן) ; משה מור (מאַרקמאַן)

פּאַראַפּינאָוו איז געווען אַ קליין שטעטל. די באַן־סטאַציע, וועלכע האָט באַדינט אויך דאָקשיץ, האָט זיך געפונען 10 קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל. אירע הייזער זענען גע־ווען צעוואָרפן אויף אַ ברייטן שטח, פון ביידע זייטן באַן־ליניע. פון איין זייט זענען גע־שטאַנען ווינן־הייזער, פון דער אַנדערער זייט — די בנינים פון דער סטאַציע, פּאָליציי און באַאַמטע.

די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונג און דער קלויסטער האָבן זיך געפונען אַ צוויי קילאָ־מעטער ווייט פון פּאַראַפּינאָוו — אין דאָרף פּאַראַפּינאָוו. אין דאָרף גופא האָט געוווינט דער גוטבאַזיצער, צו וועמען ס׳האָט געהערט דער רוב באָדן אין דער געגנט, ווי אויך אַ גאַזשעלניע.

אין שטעטל האָבן זיך געפונען אַ 130 משפחות, אַ העלפט פון זיי — יידישע. אין די צוואַנציקער יאָרן, ביזן קריזיס פון יאָר 1929, האָט דער רוב יידן זיך פאַרנומען מיט האָלץ־מסחר און מיט די דערבייאיקע אַרבעטן פאַרבונדן מיט דער בראַנזשע. עס זענען אַנטשטאַנען 2 גרויסע טאַרטאַקן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פולן טעמפּאָ, כדי אָנטקע־גנקומען די באַדערפעניש. אַנגעלאָדענע וואַגאָנען פלעגן אָפּט אָפּפאָרן פון דער סטאַציע. יידן האָבן אויך געהאַט אַ גרויסע צאָל קראָמען און אַ מאַנאָפּאָל אויף יאַטקעס. די פּוילישע מאַכט האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דער פלייש־האַנדל זאָל דערנאָך אַריבער אין פּוילישע הענט.

די דאָרפישע און די נישט־יידישע באַפעלקערונג אין שטעטל איז באַשטאַנען דער עיקר פון ווייסרוסן, אַ מינדערהייט — קאַטאָליקן, וועלכע האָבן גערעדט זייער שפּראַך און ניט ליב געהאַט דעם פּוילישן רעזשים, וועלכער האָט זיך באַמיט צו פּאָלאַניזירן די געגנט מיטן שיקן פּאָלאַקן פון ווייטע שטעט, כדי ענדערן די באַציונג פון דער באַפעלקערונג צום רעזשים און שטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם. בדרך כלל זענען די באַציונגען צווישן דער יידישער און ניט־יידישער באַפעלקערונג געווען נאָרמאַלע. אין קולטור־אונטערנעמונגען פון די יידן האָבן זיך באַטייליקט אויך קריסטן. דער פייערלעשער־זאַל האָט געדינט פאַר פאַרשטעלונגען און אונטערנעמונגען פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן האָבן יידן און קריסטן געאַרבעט צוזאַמען, אין פאַרהעלטניש־מעסיק גוטע באַציונגען.

אין שטעטל איז געווען איין בית־כנסת און די צוויי הויפּט־גאַסן זענען געווען באַוווינט דער עיקר דורך יידן.

ביזן יאָר 1937 איז אלחנן בן דוד מאַרקמאַן געווען דער שליח ציבור, מוהל און מסדר קידושין. ער איז אויך געווען שוחט פאַר דער דאָרפישער סביבה, וווּ ס׳האָבן געוווינט יידן און אין נאָענטן שטעטל קרולעווטשיזנע. אין יאָר 1937 האָט דאָס שטעטל צוגענומען אַ יונגן רב.

די שטעטלדיקע יידן זענען געווען דורכגעדרונגען מיט ציוניזם. דערוואַקסענע און יוגנטלעכע האָבן זיך פאַרנומען מיט די נאַציאָנאַלע פאָנדן און ס׳איז ניט געווען קיין



**אויספלוג פון די שילערס און אַביטוריענטן פון דער העברעישער שול אין פאַראַפּינאָוו (1937).**

איין שטוב, ווו מ׳זאָל ניט האָבן געשפּענדעט פֿאַר דעם וויכטיקן צוועק. די יוגנט האָט געלערנט אין דער פּוילישער פֿאָלקס־שול און נאָכמיטאָג — אין דער העברעישער שול, אונטער דער לייטונג פֿון ספּעציעלע לערערס, וועלכע זענען פֿאַר דעם צוועק געבראַנגט געוואָרן אין שטעטל. די יוגנט איז געווען טעטיק אין די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל. דער רוב פֿון זיי איז דערצויגן געוואָרן אין „השומר הצעיר". די חברים פֿלעגן פֿאָרן אויף הכשרה־פּונקטן פֿון „החלוץ" און „השומר הצעיר". אַ דאַנק דעם איז אַ טייל יוגנטלעכע פֿון פֿאַראַפּינאָוו געקומען קיין ארץ־ישראל נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די חלוצישע יוגנט אין שטעטל האָט געגעבן טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען אין העברעיש און געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, וועלכע האָט פֿאַרמאָגט ביכער פֿון דער בעסערער העב־רעישער און יידישער ליטעראַטור. די ביבליאָטעק האָט זיך געפֿונען אין דעם שוחטס הויז. פֿאַרנומען מיט איר האָבן זיך זיינע זין און טעכטער. די זעלבע יוגנט האָט אַפֿילו אויפֿגע־שטעלט אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער, וועלכע איז אויפֿגעטראָטן אויף אַ סך קולטור־אונטער־נעמונגען פֿון יוגנטלעכע און דערוואַקסענע.

נאָכן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד אין יאָר 1939, זענען די רוסן אַריין קיין פֿאַראַפּינאָוו. אין רעזולטאַט פֿון געענדערטן רעזשים, איז פֿאָר־געקומען אַ גרינטלעכע ענדערונג אין שטעטל. די יוגנט האָט זיך איינגעאָרדנט אויף פֿאַרשידענע אַרבעטן אין פֿאַראַפּינאָוו און אומגעגנט. יידן זענען באַשטימט געוואָרן אויף פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן. בראש פֿון מוניציפּאַלן (אָרטיקן) ראַט איז געשטאַנען דער ייד אהרון לעוויטאַן. די רעליגיעזע באַדינונגען פֿאַר יידן האָבן ניט אויפֿגעהערט אויך ביים נייעם רעזשים. אַ בריוו־אויסטויש צווישן די איינוווינער אין שטעטל מיט זייערע משפּחות אין ארץ־ישראל איז ווייטער אָנגעהאַלטן געוואָרן. אַ טייל יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל נאָך דער גימנאַזיע, האָט זיך ווייטער געלערנט אין די ראָ־יאָן־שולן, ווו זיי האָבן באַקומען אַלגעמיינע און פֿאַכמענישע בילדונג.

*

מיטן אַריינדרינגען פֿון דער היטלעריסטישער אַרמיי אין יאָר 1941, איז דאָס שטעטל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. צומערשט האָבן זיי אויפֿגעהאַנגען דעם פֿאָרזיצער פֿון אָרטיקן ראַט, אַהרון לעוויטאַן. די יידן איז דערלויבט געווען צו בלייבן אין זייערע הייזער, נאָר די דייטשן האָבן מאָביליזירט אַ סך פֿון זיי צו פֿאַרשידענע אַרבעטן און פֿון צייט צו צייט אַרויפֿגעלייגט קאָנטריבוציעס אויף דער יידישער באַפֿעלקערונג.

אין אָקטאָבער 1941 האָבן די דייטשן צונויפֿגעטריבן אַלע יידן אין אַ געטאָ — אַ זייטיק געסל אין שטעטל, ווו זיבן ביז צען משפּחות האָבן באַדאַרפֿט זיך צונויפֿדרענגען

האָבן זיך געלייגט אויף דער ערד מיטן קאָפּ אַראָפּ — און אים שוין קיין מאָל מער ניט אויפגעהויבן. נעבן מיר איז געזעסן דער טובערקולאָז־קראַנקער גדליהו לעווין. ער האָט צו מיר געזאָגט, ווייזנדיק אויף דער שענקעוויטש־גאַס: „קוק אָן צום לעצטן מאָל אָט די הייזער און ביימער. זיי וועלן בלייבן אומפאַרענדערט, אָבער אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלן מיר שוין מער ניט זיין. די וועלט וועט בלייבן וועלט, אָבער אָן ייִדן". די דאָזיקע ווערטער זענען מיר געבליבן אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג.

12 בייטאָג האָט מען געבראַכט דעם יודנעלטעסטן באַטוויניק, וועלכן מ'האָט דרינ־גענד אַרויסגערופן דעם טאָג אין גלובאָקער געביטס־קאָמיסאַריאַט. דאָס איז ספּעציעל געטאָן געוואָרן, כדי ער זאָל זיך ניט קענען ראַטעווען. מ'האָט אים אַוועקגעשיקט קיין גלובאָקי אין באַגלייטונג פון צוויי געטאָ־פּאָליציאַנטן. אויפן וועג, אַרום דריי ק"מ פון דאָקשיץ, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע פויערים, וועלכע האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף דער ליקווידאַציע פון געטאָ, כדי צו קענען אָנהייבן ראַבעווען. זיי האָבן אים דערציילט, אַז די ליקווידאַציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן. געדענקענדיק די קריטיק נאָך דער צווייטער אַקציע, אַז ער האָט זיך אַליין באַהאַלטן און געלאָזט אויף הפקר זיינע ייִדן, האָט ער באַשלאָסן זיך צוריקקערן. די צוויי געטאָ־פּאָליציאַנטן האָבן אָבער באַשלאָסן ווייטער צו גיין אין גלובאָקער געטאָ, האָפנדיק, אַז עס עקזיסטירט נאָך.

ווען באַטוויניק האָט זיך נאָר באַוויזן נעבן געטאָ־טויער, האָט מען אים גלייך פאַר־האַלטן און צוגעפירט צו אונדזער גרופּע. אַ העכערער געסטאַפּאָ־אָפיציר איז צו אים צו, האַלטנדיק זיין פּאַלטאָ אין האַנט. ער האָט פון דער פּאַלטאָ־קעשענע אַרויסגענומען אַ הויפן רוסישע פּאַטראָנען און געזאָגט: „קוק, מיט וואָס דער יודענראַט האָט זיך פאַר־נומען". ער האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַטש, אַוועקגעפירט אין אַ זייט, געהייסן אים זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד און באַפוילן אים צו באַוואַכן.

אין דעם מאָמענט האָט אַ געוויסער דוד גלעזער געבעטן ביים פּאָליציאַנט פּאַרוי־כערן. ווען דער האָט אָנגעהאַנגען די ביקס אויפן אַקסל און אים דערלאַנגט אַ שוועבעלע, האָט גלעזער גענומען לויפן צוריק אין געטאָ. מ'האָט אים נאָכגעשאָסן. מיר אַלע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם, ווייל פון געדיכט אַרומגערינגלטן געטאָ איז אוממעג־לעך געווען צו אַנטלויפן. כ'האָב אים שפּעטער געטראָפן אין גלובאָקער געטאָ. ער האָט מיר דערציילט, אַז פון די שאָסן איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ פוס. ער האָט זיך אָבער דערקליבן צו אַ בוידעם, אויף וועלכן ער איז געלעגן באַהאַלטן, ביז ס'איז געוואָרן פינצטער. פונעם העמד האָט ער זיך געמאַכט אַ באַנדאַזש און פאַרהאַלטן דאָס בלוט. ביינאַכט איז אים געלונגען, קריכנדיק אויף אַלע פיר, זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ.

נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן שוין געהאַט צונויפגענומען 350 ייִדן, האָט מען אונדז געהייסן אויפשטיין. מ'האָט צוגעברענגט באַטוויניקן, אים געשטעלט בראש און אים געהייסן אונדז פירן. אַרומגערינגלט דורך 4 רייען פון פּאָליציאַנטן, האָט מען אונדז

געפירט דורך דער צענטראַלער פּילסודסקי־גאַס. פוןביידע זייטן טראָטואַר, אויף די באַל־קאַנען און פון די פענצטער, האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צום „פּאַראַד" די קריסט־לעכע באַפעלקערונג. אין אָנהייב האָבן מיר געמיינט, אַז מ׳פירט אונדז אין "קלוב", וווּ ס׳וועט פאָרקומען אַ סעלעקציע. אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳פירט אונדז גלייך צום גרוב. פאַרבייגייענדיק דעם קלוב, האָב איך פאַרלוירן די לעצטע האָפענונג זיך צו ראַטעווען.

אָנגעקומען צום גרוב, האָבן מיר געזען אַז מ׳איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט אַ סך פּאָליציאַנטן און דייטשן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו לויפן, מ׳האָט זיי נאָכגעשאָסן. אַרום מיר זענען שוין געלעגן די ערשטע הרוגים. דער יודענעלטעסטער איז אַריינגע־שפּרונגען אין גרוב. אַ דייטש האָט אים געפּרוּווט פון דאָרט אַרויסשלעפּן, זאָגנדיק: „דו, אַלס עלטעסטער, דאַרפסט צוזען ווי מיר וועלן זיי אַלע אויסשיסן... דיך וועלן מיר דער־שיסן דעם לעצטן..."

אין דעם מאָמענט איז אַ געוויסער ליפּקינד צוגעלאָפן צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט, קאָמולקאָ, דערלאַנגט אים אַ זעץ אין דער מאָרדע און אַריינגעשפּרונגען אין גרוב. דער דייטש האָט געפרעגט ביי קאָמולקאָן צי זאָל ער אויך אים אַרויסשלעפּן פון גרוב, אָבער קאָמולקאָ האָט געענטפערט, אַז ס׳איז ניט נייטיק, מ׳וועט אים דאָרט דערשיסן.

דערווייל האָב איך באַמערקט צוויי אַנטלויפנדיקע, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען ווייט פון אונדז. מ׳האָט זיי נאָכגעשאָסן פון אַ קוילנוואַרפער, זיי זענען אומגעפאַלן. גלייך ווי די שיסעריי האָט אויפגעהערט, האָט זיך איינער פון זיי אויפגעהויבן און גענומען ווייטער לויפן. דער צווייטער איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. די פּאָליציי איז צו אים צוגעלאָפן און אים פאַרענדיקט.

אין דער זעלבער צייט, איז צו מיר צוגעקומען דער זאָנדער־פירער האַרטמאַן און מיך אָפּגעפירט אין אַ זייט, דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט מיין פאָטער און שטיף־מוטער גוטע און איר טאָכטער חיה. מיין ברודער חיים איז צוגעגאַנגען צו אַן אַנדערן זאָנדער־פירער, אונגעמאַן, אים געוויזן זיין „שיין" און געזאָגט, אַז אויך ער אַרבעט פאַר די דייטשן. אַלס ענטפער האָט ער באַקומען אַ פּאַטש. ער האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון יידישן בית־עולם. איך האָב דייטלעך געזען, אַז אים איז געלונגען אַהין אָנצוקומען. דאָרט האָבן זיך אָבער געפונען די שטאָטישע קריסטן, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צו דער עקזעקוציע. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן פון אַ זשאַנדאַר, וועלכער האָט אים נאָכגעיאָגט מיטן אַן אויטאָמאַט.

צו מיר איז צוגעקומען אַ מיידעלע, שרה מאַרקמאַן, וועלכע האָט אין געטאָ גע־ווינט מיט אונדז און געזאָגט דעם זאָנדער־פירער, אַז זי איז מיין ווייב. ער האָט איר גאָרניט געענטפערט — און זי איז געבליבן אין אונדזער גרופּע. צו אונדז האָט מען אויך צוגעבראַכט דעם שוסטער יעסין מיטן ווייב, אָבער די קינדער האָט מען איבערגעלאָזט

צום דערשיסן. דער זאָנדער־פירער האָט אונדז אָפּגעפירט צוריק אין שטאָט אַריין. לעבן גרוב אָבער איז אָנגעגאַנגען אַ מאַסן־צעשיסונג פון די יידן. פריער האָט מען זיי געהייסן זיך אויסטאָן.

אָפּגייענדיק אַ 200 מעטער פון גרוב, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ גאַראַזש און דאָרט פאַרשפּאַרט. ערשט איצט האָב איך מיך אַרומגעזען, אַז עס פעלן מיינע ברידער, צאַלקע און שמואל, ווי אויך מיין שוועסטער שרה. אין גרויס פאַרצווייפלונג, האָב איך אַ קלאַפּ געטאָן דער אומשולדיקער שרה מאַרקמאַן.

שווייגנדיק, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד וואַרטן אויפן טויט. 5 פאַרנאַכט האָבן מיר געהערט געשרייען פון דער גאַס. דורך אַ קליין פענצטערל פון גאַראַזש האָבן מיר געזען ווי אַ צווייטע גרופּע יידן ווערט אונטער אַ שטאַרקן קאָנוואָי געטריבן צום גרוב. די שיסעריי האָט אויף אַ רגע ניט אויפגעהערט. נאָך אַ שעה, האָט זי זיך גוואַלדיק פאַרשטאַרקט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס צעשיסט מען די צווייטע גרופּע.

ווען ס'איז פינצטער געוואָרן, האָט זיך געעפנט די טיר פון גאַראַזש. ס'זענען אַריינגעקומען דער זאָנדער־פירער אונגערמאַן, אַ זשאַנדאַר און איייניקע ס.ס.־מענער, פירנדיק מיט זיך באָטוויניקס טאָכטער מיטן מאַן. זיי האָבן צונויפגענומען אַלע פרויען און זיך געווענדט צו מיר מיט אַ פראַגע:

— וועמען פון אייך פאַרנעמען און וועמען איבערלאָזן? לויטן באַפעל מעג איך איבערלאָזן נאָר איינעם פון יעדן פאַך.

מיין פאָטער האָט זיך גלייך געמאָלדן, אַז ער גייט, ווייל איך בין יונג און דאַרף בלייבן לעבן. דאָ האָב איך זיך שנעל אָנגערופן:

— זייט וויסן, אַז איך קען נאָר נייען, אָבער ניט צושניידן, דאַקעגן מיין פאָטער קען נאָר צושניידן, אָבער נישט נייען — די דייטשן האָבן זיך באַראַטן און באַשלאָסן אונדז ביידע איבערצולאָזן. זיי האָבן פאַרנומען אַלע פרויען, צוריק פאַרשלאָסן די טיר און זענען אַוועק.

מיר זענען געבליבן זיצן אין טויטלעכן שווייגן אַ גאַנצע נאַכט. צו מאָרגנס 9 פרי איז געקומען קאָמולקאָ און געמאָלדן, אַז מיר בלייבן לעבן. מיר וועלן ניט טראָגן קיין געלע לאַטעס, וועלן קענען וווינען און זיך באַוועגן פריי אין שטאָט. מיר באַקומען אויך דירות. דערפאַר דאַרפן מיר ערלעך אַרבעטן פאַר די דייטשע אָפיצירן. „איר וועט באַקומען פערד־און־וואָגן, צו נעמען אייערע זאַכן און געציייג".

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין געטאָ, וואָס האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. טירן און פענצטער זענען געווען אויפגעריסן. אויף די גאַסן האָבן זיך אַרומגעדרייט פאָליציאַנטן און דייטשן, וועלכע האָבן געזוכט גאָלד. ביי אונדז אין וווינונג זענען די שענק געווען אויפגעריסן. מיר האָבן אין זיי שוין גאָרניט געפונען. אַלץ

אין שטוב איז געווען איבערגעדרייט. כ׳האָב געוווסט אַ באַהעלטעניש וווּ מיר האָבן באַהאַלטן די בעסערע זאַכן, אָבער כ׳בין אַפילו אַהין ניט צוגעגאַנגען.

דערווייל איז אַריינגעקומען קאַמולקאַ. מיר האָבן גראָד גענומען די ניי־מאַשין און געוואָלט אַרויסגיין. ער האָט אונדז אָפּגעשטעלט און געפרעגט, פאַר וואָס מיר נעמען ניט מיט זיך אונדזערע זאַכן, מ׳וועט זיי דאָך דאַרפן. כ׳האָב גענומען מיט זיך אַ קישן, אַ קאָלדרע, צוויי ציכלעך און אַ פּאָר ליילעכער. כ׳האָב שוין דעמאָלט גאָרניט באַ־דאַרפט.

מ׳האָט אונדז, די ספּעציאַליסטן, צונויפגענומען אין איין הויז. קעגנאיבער אין אַ הויף האָט מען אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די אַלע יידן, וועלכע מ׳האָט זיי געהייסן זיך אויסטאָן, געלאָזן בלויז אין דער אונטערוועש. דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין אַ גרויסן סקלאַד. מיר האָבן פון פענצטער געזען, ווי מען ברענגט אַלע מאָל נייע גרופּן. די קופּע אָנטועכץ וואַקסט כסדר. מ׳האָט זיי פאָטאָגראַפירט איינצלווייז און אין גרופּן און דערביי שרעקלעך צעשלאָגן. כ׳האָב אין די גרופּן דערקענט אַ סך באַקאַנטע און פריינד. האַלב נאַקעטע און באָרוועסע, האָבן אַ טייל געהאַלטן אין די הענט זעקעלעך מיט געלט און צירונג — און די דייטשן האָבן עס ביי זיי צוגענומען.

אַזוי איז אַדורך דער צווייטער טאָג פון דער אַקציע. צוויי מעת־לעת האָבן מיר שוין ניט געהאַט אין מויל, אָבער מיר האָבן ניט געפילט קיין הונגער. אויפן דריטן טאָג, אַרום 4־5 פאַרטאָג, האָבן מיר געזען ווי מען פירט זיי אַלע אַרויס פון סקלאַד, מען שטעלט זיי אויס אין קאָלאָנעס און איינער — אין שפּיץ פון יעדער קאָלאָנע. נאָכן אויסשטעלן האָט מען זיי אונטער אַ שטאַרקע וואַך אַוועקגעיאָגט צום גרוב, וואָס האָט זיך געפונען אַ קילאָמעטער פונעם הויז וווּ מיר האָבן געוווינט. אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבן מיר געהערט שאָסן. דאָס האָט מען זיי ליקווידירט. די ליקווידאַציע פון דאָקשיצער געטאָ האָט געדויערט גאַנצן 17 מעת־לעת, ווייל אַ סך האָבן זיך נאָך אויסבאַהאַלטן.

ניין טעג האָט מען אונדז געהאַלטן אין דעם הויז, פון וואַנען מיר האָבן געקענט זיין עדי ראייה צו אַלעם שרעקלעכן וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען. במשך די טעג האָבן מיר גאָרניט געגעסן, נאָר געטרונקען אַ ביסל ספּירט, וואָס איך האָב געדענקט מיטצונעמען פון שטוב. דעם פאָליציאַנט, וועלכער האָט מיך געפירט אין שטוב, האָב איך געגעבן 10 ליטער. אַ דאַנק דעם ספּירט האָבן מיר אויסגעהאַלטן.

אין די טעג האָט מען צו אונדז געברענגט די פאָלגנדע מענטשן: דעם קאָוואַל גיטלין, דעם סטאָליער איזשע פלאַווניק, צוויי שלאָסער די ברידער רייטמאַן, אַ מאָנטער פרידמאַן, אַ קאַמאַשנמאַכער יוסף גורעוויטש. אַזוי האָבן זיך צונויפגעקליבן צוועלף מענטשן ספּעציאַליסטן־פאַכמענער און איין פרוי — באָטוויניקס שוועסטער, וועלכע האָט אונדז געדאַרפט באַדינען.

אויפֿן 5טן אָדער 6טן טאָג האָבן מיר דורכן פֿענצטער דערזען ווי מ׳האָט געברענגט באַטוויניקס שוואָגער. ער איז געווען אַ פּליט פֿון וואַרשעווער געטאָ. גערופֿן האָט מען אים שימעק. דעם פֿאַמיליע נאָמען געדענק איך ניט. ווען דער ברודער, ד. ה. באַטוויניקס מאַן, האָט דערזען ווי מען טוט אויס שימעקן, מען שלאָגט אים און מ׳טרייבט אים אין סקלאַד, האָט ער גענומען שטאַרק וויינען און מיר אַלע מיט אים. מיר האָבן נאָך געזען ווי אַ פּאָליציאַנט האָט אָנגעטאָן זיינע שטיוול און קורטקע.

אין יענע טעג איז געווען אַ פֿאַל, אַז די קראַנקן־שוועסטער שיינמאַן האָט זיך און אירע קינדער איינגעשפּריצט אַ טויט ווירקנדע גיפֿט. דאָס איז געווען אין סקלאַד וווּ מען האָט זיי געהאַלטן. איר 8־יעריקע טאָכטער האָט מען אַרויסגעטראָגן מיט אָפֿענע אויגן, אָבער שוין אַ טויטע. דער זון איז געפֿאַלן טויט, ווען מען האָט זיי אויסגעשטעלט צו גיין צום גרוב און זי אַליין, ווי מען האָט דערציילט, איז שוין צום גרוב ניט דערגאַנגען.

דעם אַכטן טאָג, שבת אין דער פֿרי, האָבן מיר געזען ווי מען פֿירט אַלע אַרויס פֿון סקלאַד. איך האָב באַמערקט יורעק גולקאָוויטשן, וועלכער איז, ווייזט אויס, נאָך אין סקלאַד אַראָפּ פֿון זינען. אים האָט מען געשטעלט בראש פֿון אַלע, נאָר ער האָט גאָרניט פֿאַרשטאַנען. מען האָט אים שטאַרק געשלאָגן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין דער בלויזער אונטערוועש. צווישן אַנדערע האָב איך דערזען מיינע צוויי חברים שלייפֿער. זיי זענען געווען נאָר אין קורצע העמדלעך. זיי האָבן אומאויפֿהערלעך געצויגן זייערע העמדלעך אַראָפּ, ווייל זיי האָבן זיך געשעמט. אַזוי האָט מען זיי נאַקעטע געטריבן, דורך דער פּילסודסקי־גאַס, צום גרוב.

אין אָוונט דעם זעלבן טאָג האָט מען געברענגט דעם ד״ר גלייכהאַוז. אויך אים האָבן זיי אויסגעטאָן און גענומען שלאָגן. אַזוי ווי ער איז כסדר געפֿאַלן פֿון די קלעפּ, איז זיין וועש באַלד שוואַרץ געוואָרן. דערנאָך האָבן זיי אים פֿאַרמאַכט אין סקלאַד. ווען קאָמולקאָ האָט זיך דערוווּסט אַז מען האָט געפֿונען דעם דאָקטער, האָט ער געהייסן אים אַרויספֿירן פֿון סקלאַד און אים ברענגען אין זיין דירה. שפּעטער האָט מען אים צוריקגעפֿירט אַ שרעקלעך צעשלאָגענעם. זיין גאַנצע וועש איז געווען אויף אים צעריסן. ווען מען האָט אים אַריינגעפֿירט אין הויף, האָבן זיי זיך איבער אים זייער איזדעקעוועט.

צום גרוב האָט מען געפֿירט אַלץ זעלטענער, ווייל מענטשן זענען געווען ווינציקער. די עקזעקוציעס זענען פֿאָרגעקומען יעדע 2־3 טעג.

אין לעצטן (17טן) טאָג פֿון דער ליקווידאַציע, האָבן מיר נאָך געזען די לעצטע גרופּע פֿון צוואַנציק ייִדן. נאָך דער ליקווידאַציע האָבן פּויערים דערציילט, אַז דעם ערשטן טאָג פֿון די עקזעקוציעס איז איין פּרוי געוואָרן פֿאַרשיט, נאָר ניט דערשאָסן. ביינאַכט איז זי אַרויס פֿון אונטער אַ קופּע הרוגים, אַנטלאָפֿן אין אַ דאָרף פֿיר

קילאָמעטער פון וועטערע. זי האָט געהייסן גוטע מאַרקמאַן. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פויער עטלעכע טעג, נאָר דערנאָך געהייסן איר גיין. ווען זי האָט געפּרוווט געפינען אַן אַנדער באַהעלטעניש, האָבן פּויערים זי איבערגעגעבן דער פּאָליציי און זי איז אומגעקומען.

מיר זענען אויך געוואָר געוואָרן, אַז די לעצטע גרופּע פון 20 יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן בעת דער ליקווידאַציע אויסער דעם שטעטל. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ צעשטערט יידיש הויז אויפן וועג קיין גלובאָקי. אַ פּאַסטעכל האָט אים דאָרט באַמערקט און צו וויסן געגעבן דער פּאָליציי. אין דער גרופּע זענען געווען: דער לערער יוטקאָווסקי מיט זיין פרוי, האַלץ, די משפחה קאָפּעלאָוויטש און אַנדערע. עס איז שווער צו באַשרייבן ווי אַזוי זיי האָבן אויסגעזען, נאָכן אָפּזיצן הונגעריקע אין אַ „מעלינע" 17 טעג, אין טויט־שרעק.

אַזוי האָט אין מיטן יוני 1942 אויפגעהערט עקזיסטירן די יידישע קהילה אין דאָקשיץ.

ווי אויסטערליש דאָס איז, האָבן מיר, אַ קליינע גרופּע יידן, ווייטער געלעבט און געאַרבעט.

### די אָרגאַניזירונג פון וואַרשטאַטן

נאָך צוויי וואָכן, האָט מען אונדז איבערגעפירט אין אַן אַנדער הויז אויפן מאַרק־פּלאַץ, איבער די שענק. דאָרט איז געווען אַ 7־צימערדיקע וווינונג. מען האָט דאָ איינגעאָרדנט וואַרשטאַטן פון שוסטעריי, שניידעריי, סטאָלעריי, שלאָסעריי און אויך שמידעריי. די מאַנטערן זענען יעדן טאָג געגאַנגען אויף אַרבעט אין שטאָט. געגעסן האָט מען וואָס די דייטשן האָבן צוגעוואָרפן. די שמידן האָבן זיך יאָ צו פּאַרדינט ביי די אַרומיקע פויערים. מיר האָבן זיך געטיילט מיטן עסן ווי איין משפּחה.

אַ געוויסע צייט נאָכן פולשטענדיקן ליקווידירן דאָס דאָקשיצער געטאָ, האָט אונדז באַזוכט דער זאָנדער־פירער שטראָטהאָף, ווילנדיק זען וואָס „מען הערט ביי אונדז". ער איז געקומען צו אונדז אין וואַרשטאַט און געפרעגט, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז מיר זענען געבליבן אָן אונדזערע משפּחות. אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע — האָט ער געזאָגט, פאַרברעכנדיק די הענט — איז ער געווען אין דייטשלאַנד. צי איז דאָס געווען אַ שאַרלאַטאַן, אָדער אַן אָרנטלעכער מענטש — ווייס איך ניט. ער האָט געזאָגט, אַז אין אַלעם זענען שולדיק צוויי מענטשן — סטאַלין און היטלער. „איך דאַרף ניט די מלחמה, — האָט ער געזאָגט. — „איך בין פון באַרוף אַ ריכטער. די ביידע האָבן זיך געדאַרפט שלאָגן. נאָר ווי קום איך און איר דערצו?"

נאָך דער ליווידאַציע, האָבן מיר אַלע געטראַכט וועגן אַנטלויפן. איך האָב פאַר־געשלאָגן, אַז בעת אַ באַזוך פון אַ דייטש זאָלן מיר אים הרגענען, צונעמען זיין געווער

און דעם קערפּער אַריינוואַרפן אין קעלער. מיט איין רעוואָלווער קענען מיר שוין אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. לײדער, האָב איך שטענדיק זיך אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד, און ספּעציעל פון די מאַנטערן. זיי האָבן געטענהט, אַז אַזוי ווי מען האָט אונדז געלאָזט לעבן, דאַרפן מיר אַרבעטן און גאָרניט טראַכטן. טאַקע צוליב די פרידלעכע איינשטעלונגען זענען זיי שפּעטער אומגעקומען.

אַ מאָל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ לאַסט־מאַשין נעבן אונדזער הויז און פון איר זענען אַרויס צוויי דײַטשן. איינער פון זיי, פינצטער, איז אַריין אין וואַרשטאַט און געהייסן פאַריכטן די מאַשין. מיר האָבן זיך זייער דערשראָקן, ווייל קיין מאָל זענען אומבאַקאַנטע דײַטשן צו אונדז ניט געקומען. דער דײַטש פינצטער איז געווען פון גלובאָקער געטאָ. ער האָט געפירט מילך־פּראָדוקטן פון דער דאָקשיצער מילכערייַ קיין גלובאָקי. ער האָט גענומען אויספרעגן, ווער פון אונדזערע באַקאַנטע געפינט זיך אין גלובאָקער געטאָ. מיר האָבן אים ניט געענטפערט. דעמאָלט האָט פינצטער אונדז אונטערגערוקט עטלעכע קילאָ פּוטער און סמעטענע, אויך דערלאַנגט אַ בריוו פון באָטווינִיקן, אין וועלכן באָטווינִיק האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר זאָלן זיך באַמיען אַריבערכאַפּן צו אים. פון דאָרט קאָן מען אַוועק, ס'איז אויך דאָ מיט וואָס. מיר האָבן דעם בריוו זייער גוט פאַרשטאַנען.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט פינצטער פאַר גאָלד פאַרקויפט געווער אין גלובאָקער געטאָ.

גלייך ווי ער איז אַוועק, האָבן מיר גענומען באַהאַנדלען ווי אַזוי אָנקומען אין גלובאָקער געטאָ. ווידער זענען ניט אַלע געווען איינשטימיק. אַזוי האָבן מיר זיך געשפּאַרט און באַהאַנדלט דעם ענין גאַנצע דריי חדשים.

אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1942, איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון גלובאָקער געביטס־קאָמיסאַר, וועלכער האָט פאַרבאָטן ײדן צו וווינען אויסערן געטאָ. אונדזער זאָנדער־פירער האַרטמאַן האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן, היות ער האָט ניט געקענט געפונען קיין אַנדערע פאַכמענער. נאָר זיינע באַמיונגען זענען געווען אָן דערפאָלג. ווען עס איז געקומען דער צווייטער באַפעל, האָט מען אונדז אַלע, דרייצן מענטשן, איבערגעפירט אונטער אַ וואַך קיין גלובאָקי.

איך בין געווען שטאַרק צופרידן, ווייל איך האָב געהאָפט דאָרט צו באַקומען געווער און זיך פאַרבינדן מיט פּאַרטיזאַנער.

## אין גלובאָקער געטאָ

מיר זענען אַריין דורכן טויער — און מ'האָט אונדז געפירט צום יודענראַט. זיי האָבן אונדז געגעבן אַ וווינונג, עטלעכע טעג האָבן מיר גערוט. דערנאָך האָבן מיר זיך געדאַרפט רעגיסטרירן, כדי צו באַקומען ברויט־קאַרטן און גיין צו דער אַרבעט, נאָר

ווי איך בין אָנגעקומען אין געטאָ, האָב איך באַשלאָסן דאָרט ניט צו פאַרבלייבן און באַלד פון די ערשטע טעג אינטערעסירט זיך, ווי אַזוי צו קאָנען אַוועק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך יוגנטלעכע האָבן שוין פאַרלאָזט דאָס געטאָ און אַוועק אין די וועלדער. כאָטש עס זענען צו מיר דערגאַנגען ידיעות, אַז געוויסע גרופּן האָבן זיך צוריקגעקערט פון וואַלד צוליב די קעלטן און די באַנדעס און ניט געקוקט דערויף, וואָס פיל ספיקות האָבן געעגבערט אין מוח — האָב איך ניט אויפגעגעבן דעם געדאַנק אויף שטענדיק צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. איך האָב גענומען זוכן פאַרבינדונגען און וועגן צו באַקומען געווער. עס איז מיר געלונגען אין געטאָ צו קויפן אַן אַלטע עסטרייכישע ביקס, נאָך פון דער ערשטער וועלט־קריג, מיט פערצן קוילן. די ביקס איז געקויפט געוואָרן פון פויערים, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט געווער אין געטאָ. איך האָב זיך אויך געמאַכט אַרישע דאָקומענטן, אויסגעאַרבעט האָט מען זיי אינעם געביטס־קאָמי־סאַרס דרוקעריי, וווּ עס האָבן געאַרבעט יידישע אַרבעטער.

זייענדיק באַוואָרנט מיט דאָקומענטן און האָבנדיק באַהאַלטן דאָס געווער אין קעלער, האָב איך געוואַרט אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט צו אַנטלויפן. וועגן דעם האָב איך מיין פאָטער קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר אים דערקלערט, אַז איך וועל אַוודאי אַוועק, ווייל איך וויל ניט זיין נאָך אַ קרבן אינעם גרוב אין באַרעק — דאָס עקזעקוציע־אָרט אין גלובאָקי, וווּ עס זענען שוין געלעגן צענער טויזנטער טשעכאָסלאָוואַקישע יידן און רוסישע קריגס־געפאַנגענע.

אין דער צייט זענען געווען אין גלובאָקי אַן אַכט טויזנט יידן. דאָ האָבן זיך קאָנצענטרירט די רעשטלעך געראַטעוועטע פון די ליקווידאַציעס פון די אַרומיקע שטעטלעך. ניט געקוקט דערויף, וואָס דער יודענראַט האָט געפירט אַ פּאָליטיק פון אונטערקויפן, אונטערחנפענען און צופרידנשטעלן די באַדערפענישן פון די דייטשן, זענען יעדן טאָג פאָרגעקומען צעשיסונגען פון יידן. די פאַרמשפּטע האָט מען אַרויסגע־פירט אויסערן געטאָ און אין דעם דערמאָנטן באַרעק האָט מען זיי דערשאָסן.

ווייסנדיק דאָס אַלץ, האָב איך זיך אין ערגעץ ניט געווייזן. כ׳בין אַרויסגעגאַנגען נאָר אין פאַלן פון אויסערגעוויינלעכער נייטיקייט.

אין דער ערשטער וואָך, איז אונדז געלונגען צו אָרגאַניזירן די ערשטע קאַמפס־גרופּע. פון די דאָקשיצער — גלאַזער, פּלאַווניק און איך; גלובאָקער — פרידמאַן און סווידלער. מיר האָבן געשטרעבט צו פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקן אונדזער גרופּע. אין אַ קורצע צייט האָט אונדזער גרופּע געציילט פערצן באַוואָפנטע און אומבאַוואָפנטע, וועלכע מיר האָבן צוקאָאָפּטירט. (קאָפּעלעוויטש, קאָנטאָראָוויטש און ראַדושקאָוויטש). ניט געקוקט דערויף, וואָס עס זענען געווען אַ סך, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אַנשליסן אין אונדזער גרופּע, האָבן מיר זיי ניט געקענט אָננעמען, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט קיין געווער.

אין יענער צייט האָט מיין פאָטער געפונען ביי מיר אין קעשענע אַ פּאַטראָן. איך בין געווען געצוווּנגען אים אויסצוגעבן מיין סוד און אים געזאָגט, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועל איך אַוועק. דער פאָטער האָט אָנגעהויבן וויינען. אים מיטנעמען איז דאָך געווען אוממעגלעך. נאָכן צעשלאָגן אים, איז אויף זיין קאָפּ געבליבן אַ ניט פאַרהיילטע ווונד. ער האָט זיך געהיילט ביים דאָקטאָר און איך האָב געהאָפט, אַז ווי נאָר איך וועל זיך איינאָרדענען אין וואַלד, און ער וועט זיך אויסהיילן — וועל איך אים נעמען צו זיך.

דערווייל זענען אין געטאָ אָנגעקומען צוויי פאַרטיזאַנער, די ברידער פרידמאַן, איינער פון פּאָסטאַווו, דער אַנדערער פון דאָלגינאָווע. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן דעם אַדרעס פון אַ פאַרבינדלער, יאַשקע, נעבן שטעטל מיאַדיאָול, אין דאָרף דאָמיס־לאָוו. אַ חוץ דעם האָבן זיי אונדז אויפגעקלערט אין וועלכע וועלדער און ערטער מיר קענען טרעפן די פאַרטיזאַנער פונעם אָטריאַד „פאָלקס־נקמה־נעמער". זיי זענען געווען אין דער לובאַנער פּושטשע, אויף זייער באַזע „דאָס הויכע אינדזל", צווישן די בלאָטעס.

אונדזער קאַמפּס־גרופּע האָט באַשטימט אַ טאָג אין סוף סעפּטעמבער, אַרום ניין אַ זייגער אין אָוונט, פונעם הויז וואָס איז געווען נאָענט צו דער פאַרצוימונג — זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ.

ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין פאָטער און חברים, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען און בעטן, אַז כ'זאָל בלייבן. „ווען מיר זענען צוזאַמען" — האָט ער געזאָגט, — „וועל איך כאָטש וויסן, ווען מיר וועלן אומקומען. אַזוי וועט ער יעדן טאָג אויסהערן פאַרשידענע ידיעות — און ער ווייסט דאָך, אַז איך גיי פון געטאָ ניט צו לעבן, נאָר אויף טויט. עס האָט שוין געטראָפן, אַז מען האָט ניט באַוויזן אַריבער־צוגיין דאָס טויער פון געטאָ, מען האָט די מענטשן געכאַפּט און אויפן אָרט דער־שאָסן. טייל מאָל האָט מען געכאַפּט פאַרטיזאַנער און זיי געברענגט קיין גלובאָקי. און ווען ער וועט הערן אַז מען האָט געכאַפּט פאַרטיזאַנער, וועט ער זיין זיכער אַז דאָס בין איך צווישן זיי".

ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט און אויפגערעגט, אַז איך האָב יענעם אָוונט שוין ניט געקענט אים איבערלאָזן. איך האָב איבערגענעכטיקט אין געטאָ מיטן געווער, אַפילו ניט אויסטועענדיק זיך, כדי ניט ווערן איבעראַשט אין רעזולטאַט פון אַ מסירה און קענען אַנטלויפן. איך האָב באַשלאָסן זיך צוזוכן אַן אַנדערע גרופּע צו די פאַרטי־זאַנער, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז יענע זענען שוין אַוועק. נאָר אין דער פרי בין איך געוואָר געוואָרן, אַז זיי האָבן ניט געוואָלט גיין אָן מיר, ווייל איך בין געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געוווּסט אין אַזעלכע פאַלן, ווי אַזוי צו האַנדלען ביי די דייטשן אין הינטערלאַנד. מיר האָבן אָפּגעלייגט דאָס אַנטלויפן אויף צוויי טעג, און אַרום 10 אַ זייגער אין אָוונט האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס געטאָ. איך האָב מיין פאָטער צוגעזאָגט, אַז

אין אַ חודש אָדער צוויי, וועל איך קומען אים נעמען. יעדער פון אונדז האָט מיטגענומען אַ פּאָר וועש, אַ האַנטעך, אַ סוועטער און אַלץ וואָס ר׳האָט געהאַט אויף זיך.

מיר האָבן אויפגעבראָכן דעם פאַרקאַן און איינציקווייז אַרויס אין פעלד. גלובאָקי איז געווען אַ באַן־פונקט און ס׳איז שווער געווען אַריבערצוגיין די באַן־רעלסן. מיר זענען דאָך בשלום אַריבער — און זיך געלאָזט קיין וואָלקאָלאַטע.

## דער וועג צו די פּאַרטיזאַנער

ווען מיר זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער פון דער אייזנבאַן, האָבן מיר באַשלאָסן צו באַזאָרגן זיך מיט פּראָדוקטן. מיר זענען צוגעגאַנגען צו אַ כוטאָר, אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און גענומען רעדן דייטש, ווייל די פּאַרטיזאַנער זענען קיין מאָל ניט געגאַנגען נאָענט צו אַ גאַרניזאָן, און די פויערים וואָלטן זיי ניט געעפנט. ווען זיי האָבן געזען באַוואָפנטע מענטשן, האָבן זיי פון פחד אונדז אַלץ געגעבן, וואָס מיר האָבן געדאַרפט. מיר האָבן זיך שנעל אָפּגעפּאַרטיקט און באַלד אַוועק, כדי ביז אין דער פרי אָנקומען אין וואַלד, ניט ווייט פון דער לובאַנער פּושטשע.

נאָכן אָפּגיין נאָך אַ שטיק וועג, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצוקלאַפּן אין נאָך אייניקע כאַטעס און אַזוי זיך איינגעשאַפן צוויי וועגענער מיט פערד. אַ דאַנק דעם האָבן מיר במשך פון איין נאַכט זיך דערשלאָגן צו אַ פּאַרבינדלער, ניט ווייט פון וואָלקאָלאַטע. מיר זענען ביי אים געלעגן אַ גאַנצן טאָג באַהאַלטן אין אַ סטאָדאָלע. די צווייטע נאַכט האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט אין וועג. דער פּאַרבינדלער האָט אונדז געוויזן אַ וואַלד, ווו מיר האָבן שוין געקענט זיך פאַרהאַלטן בייטאָג, אַפילו זיך טרעפן דאָרט מיט פּאַרטיזאַנער. אויף דער צווייטער נאַכט פון אַוועקגיין פון געטאָ, האָבן מיר שוין דערגרייכט אַ וואַלד, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיט דער פּושטשע.

אַן אָפּרו־אָרט האָבן מיר אויסגעקליבן דאָרט, ווו מיר האָבן געזען שפּורן פון פּאַרטיזאַנער, אויסגעלאָשענע שייטערס, רעשטלעך פון בגדים און עסנוואַרג. אין דעם וואַלד האָבן מיר פאַרברענגט עטלעכע טעג און דאָ געטראָפן צוויי יידישע פּאַרטיזאַנער פון אָטריאַד „פאָלקס־נקמה־נעמער״. דאָס איז געווען סיגאַלטשיק פון דאָלגינאָווע און אַן עסטאָנער ייד, וועלכן מ׳האָט גערופן „זוסקע פון עסטאָניע״. זיי זענען געווען אין אַ שליחות פונם אָטריאַד, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער זייט פון טייך בערעזינאַ, אין פלעשטשעניסקער ראַיאָן, מינסקער אָבלאַסט. זיי זענען אַרויס אויסשפּירן, ווייל דער אָטריאַד האָט געדאַרפט אַריבער אין דער לובאַנער פּושטשע אויף אויסצופירן קאַמפּס־אַקציעס אין די מערבדיקע ראַיאָנען און באַזאָרגן מיט שפּייז אויף ווינטער דעם גאַנצן אָטריאַד. זיי האָבן אונדז גענומען מיט זיך, כדי פאַרצושטעלן פאַרן קאָמאַנדיר פון אָטריאַד. זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז מען וועט אונדז זיכער אָננעמען, ווייל מיר זענען יונג, באַוואָפנט און אָן משפחות.

אויפֿן וועג אין אַ דאָרף, האָבן מיר בייַנאַכט זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ מאָסקווער דעסאַנט, אַ מאַן צען. צוערשט האָבן מיר געמיינט, אַז זיי זענען איבערגעטוענע פּאַרטיזאַנטן. זייער קאָמאַנדיר איז געווען דער געוועזענער נ. ק. וו. ד.־אָפֿיציר דערגאַטשאָוו. אַלס באַווייז אַז זיי זענען רוסן, האָבן זיי אונדז געוויזן אַ נייעם אויטאָמאַט, אַרויסגעלאָזן אין 1942. אין דער פֿרי זענען מיר צוזאַמען אַוועק צום הויכן אינדזל, ווו אַהין עס האָט באַדאַרפֿט קומען דער גאַנצער אָטריאַד.

דערגאַטשאָוו האָט אונדז געוויזן אַ דאָקומענט פֿון דער „גרויסער ערד", (אַזוי האָט מען גערופֿן רוסלאַנד), אויפֿן סמך פֿון וועלכע אַלע באַוואָפֿנטע כוחות, וועלכע געפֿינען זיך אויף דער טעריטאָריע פֿון דער ווילעיקער אָבלאַסט, דאַרפֿן אַריבער אין זיין רשות. ליידער האָט דערגאַטשאָוו ניט באַרעכטיקט אונדזערע האָפֿענונגען. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס שיכור און זיך פֿאַרנומען בלויז מיט פּלינדערן און רויבן.

מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפֿן אָנקומען פֿון אָטריאַד. אין די ערשטע טעג פֿון אָקטאָבער, איז צוערשט געקומען אַ ראָטע, וועלכע האָט געדאַרפֿט צוגרייטן אַ לאַגער פֿאַרן גאַנצן אָטריאַד.

ווען ס'איז געקומען דער גאַנצער אָטריאַד, האָט מען אונדז פֿאָרגעשטעלט דעם פֿאַרטרעטער פֿון קאָמאַנדיר, סאָקאָלאָוון. ער האָט זיך מיט אונדז אינטערעסירט, אונדזער גאַנצע גרופּע איז אים געפֿעלן. ער האָט געוואָלט אונדז באַלד איינשליסן אין אָטריאַד, וועלכער האָט דעמאָלט געציילט 450 מאַן. דערביי איז צווישן אים און דערגאַטשאָוון אויסגעבראָכן אַ סכסוך. דערגאַטשאָוו האָט זיך אָפּגעזאָגט אונדז איבערצוגעבן, האָט סאָקאָלאָוו געזאָגט, אַז ער וועט אונדז נעמען מיט כוח. אויב דערגאַטשאָוו וועט ניט אָפּטרעטן, וועט סאָקאָלאָוו שיקן זיינע אויטאָמאַטלער צו אַנטוואָפֿענען דעם גאַנצן דעסאַנט. ערשט דעמאָלט האָט דערגאַטשאָוו זיך דערשראָקן און אָפּגעטרעטן.

יעדן איינעם פֿון אונדז האָט מען באַזונדער אַרויסגערופֿן אין שטאַב, וווּ מיר האָבן דערציילט ווי אַזוי אונדז איז געלונגען זיך צו ראַטעווען.

אינעם גאַנצן אָטריאַד זענען געווען פֿופֿציק יידן. נעמענדיק דאָס אין אַכט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידישער נאַציאָנאַלער ווזוואָד. קאָמאַנדיר פֿון ווזוואָד איז געווען סיגאַלטשיק.

## די „מיאַדזשאָלסקער אָפּעראַציע"
## און דאָס באַפֿרייען פֿון מיאַדזשאָלסקער געטאָ

אין צוזאַמענהאַנג מיט די אָנקומענדע אָקטאָבער ימים־טובים, האָט דער גאַנצער אָטריאַד באַשלאָסן אַדורכצופֿירן עטלעכע קאַמפּס־אָפּעראַציעס אין מיאַדזשאָלסקער ראַיאָן. די ערשטע קאַמפּס־אָפּעראַציע איז געווען — צו באַפֿאַלן דעם גאַרניזאָן.

אין די ערשטע טעג פֿון אָקטאָבער 1942, אַ זייגער 6 אין אָוונט, האָט זיך דער

אָטריאַד אויסגעשטעלט. עס איז אַרויסגעטרעטן סאָקאָלאָוו, וועלכער איז דעמאָלט שוין געווען קאָמאַנדיר און דערקלערט דעם גאַנג און אופן פונעם אַדורכפירן די אָפּעראַציע. מיר האָבן געדאַרפט אָנהייבן דעם מאַרש 9 אַ זייגער, אַזוי אַז 12 אַ זייגער ביינאַכט זאָלן מיר אָנקומען צום גאַרניזאָן. יעדע ראָטע האָט באַקומען איר אויפגאַבע. מיט דער אָפּע־ראַציע האָט אָנגעפירט דער קאַזאַך קליוסאָוו, פאַרטרעטער פונעם קאָמאַנדיר פון אָטריאַד.

איך בין געווען שטאַרק געשפּאַנט, ווייל דאָס האָט באַדאַרפט זיין מיין ערשטע פייער־טבילה.

דער אָטריאַד איז אַרויס אין פולן צוזאַמענשטעל, ד. ה. 450 מענטשן, צוזאַמען מיטן אָטריאַד פון מאַרקאָווו, וועלכער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער אָפּעראַציע.

ניט ווייט פון שטעטל, אונטער די דעקונג פון מאַרקאָווס אָטריאַד, איז דער שטאָב געבליבן אויפן בית־עולם.

אונדזער ידישער ווזוואָד האָט באַקומען פאָלגנדע אויפגאַבע: ליגן אַלס „זאַסאַדע" ביי דער אַזיערע נאַראַטש, ווייל אונדז איז געווען באַוווסט, אַז די דייטשן האָבן דאָ געהאַט צוגעגרייט שיפלעך, אַז אין פאַל פון אַן איבערפאַל אויפן גאַרניזאָן, זאָלן זיי זיך קענען אַריבערשיפן אויף דער צווייטער זייט פון דער אַזיערע. אונדזער קאָמאַנדיר פון ווזוואָד, סיגאַלטשיק, איז גלייכצייטיק געווען דער וועג־פירער, ווייל ער האָט אַ לאַנגע צייט געוווינט אין מאַדיאַל און גוט געקענט די געגנט.

ווען מיר זענען צוגעקומען צום באַשטימטן אָרט, איז נאָך געווען שטיל. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. מיר זענען געלעגן און געוואַרט אויף די דייטשן. באַקו־מענדיק אַ סיגנאַל אָנצוגרייפן, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צו די הייזער, וווּ עס זענען געווען דייטשן און ליטווישע שאַוּליסטן (שיסער). דער קאַמף האָט געדויערט עטלעכע שעה. די דייטשן זענען זיך צעלאָפן. אַ טייל האָבן זיך פאַרמאַכט אין קלויסטער און פון דאָרט געענטפערט מיט פייער, א טייל דאַקעגן האָבן זיך געלאָזט גלייך אויף אונדז — נאָר מיר האָבן זיי צעשלאָגן. ווען עס האָט גענומען טאָגן, האָט מען אונדז גערופן אַלס פאַרשטאַרקונג אַרום דעם קלויסטער, וווּ אונדזערע האָבן געהאַט פאַרנומען פּאָזיציעס. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום קלויסטער, וועלכער איז געשטאַנען אַ 200 מעטער פון געטאָ, האָבן מיר גערעדט מיט סיגאַלטשיקן וועגן באַפרייען דאָס געטאָ. הגם, לויטן פּלאַן, האָבן מיר באַדאַרפט נעמען פון געטאָ נאָר די נייטיקע פאַר אונדז אין אָטריאַד מענטשן, ווי אַ דאָקטאָר מיט זיינע מכשירים און מעדיקאַמענטן, דעם ציין־דאָקטאָר שימשעלעוויטש און נאָך עטלעכע, האָב איך מיט סיגאַלטשיקן אָפּגערעדט צו באַפרייען דאָס גאַנצע געטאָ.

דערווייל האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אונטערצוצינדן דאָס קלויסטער. ער האָט זיך גוט צעפלאַקערט און געברענט אַ גאַנצע נאַכט. די שיסעריי האָט ניט אויפגע־

הערט. אינעם טומל פון דער שלאַכט, האָבן מיר זיך אָפּגעטיילט פון ווזוואָד און אַוועק צו דער געטאָ־פאַרצוימונג. מיט די קאָלבעס פון די ביקסן צעהאַקט דעם פאַרקאַן, אַריין אין געטאָ. אויף די גאַסן פון געטאָ, ניט קוקנדיק אויף דער שיסעריי אין שטעטל, איז ניט געווען קיין לעבעדיק נפש. אַלע פענצטער זענען געווען פאַרהאָנגען. מיר זענען צו צום ערשטן הויז, אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט. ערשט דערנאָך, ווען מיר האָבן צו זיי גערעדט יידיש, האָבן זיי געעפנט דאָס פענצטער. מיר האָבן זיי דערציילט, וואָס עס קומט פאָר אין שטעטל און אַז אַלע האָבן איצט אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פון געטאָ. מיר האָבן זיי דערקלערט ווו אַהין זיי דאַרפן גיין, ווו עס געפינט זיך דאָס הויכע אינדזל און וועגן אונדזער יידישן ווזוואָד. די ידיעה האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט און אַן אַכציק מאַן האָבן זיך געלאָזט לויפן פון געטאָ. ביים אַרויסגאַנג פון געטאָ איז בלויז איין פרוי פאַרוווּנדעט געוואָרן (זי איז איצט אין ישראל). אויפן וועג איז געשטאָרבן נאָר איין אַלטע, 70־יאָריקע פרוי. אַלע אַנדערע זענען בשלום אָנגעקומען צו אונדזער באַזע. די פאַרוווּנדעטע האָט מען אָפּגעשיקט צוזאַמען מיט אונדזערע פאַרוווּנדעטע.

אין דער פרי האָט זיך ווידער צעפלאַקערט דער קאַמף. די דייטשן האָבן באַקומען פאַרשטאַרקונג פון די נאָענטע גאַרניזאָנען. דעמאָלט האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אָפּצוטרעטן. די דייטשן, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן אויף די ביידעמער, האָבן אויף אונדז געעפנט אַ פייער. מיר האָבן פאַמעלעך זיך צוריקגעצויגן. דערווייל איז סיגאַלטשיק פון אונדז אַוועק, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט אַ געוויסער פויערטע, וועגן וועלכע ער האָט געוווּסט, אַז זי האָט אויסגעגעבן יידן. ער האָט זי פאַרוווּנדעט.

איך האָב באַקומען אַ באַפעל פונעם קאָמאַנדיר פון דער ראָטע אַריינצוגיין אין אַ הויז פון וואַנען דייטשן האָבן געשאָסן. ווען איך בין אַריין אין הויף, האָב איך געזען אַ דייטש נעבן אַ פּאָליציאַנט, ביי די זייטן זענען געלעגן פּאָליציאַנטן. איך האָב באַוויזן אָפּצוגעבן אַ שאָס און אַרויסצושפּרינגען פון הויף. באַלד האָבן אונדזערע פּולעמיאָטשיקעס אָנגעהויבן באַשיסן דעם הויף און אַלע אויסגעהרגעט. איך בין נאָך אַ מאָל אַריין אין הויף, כדי אַראָפּצוציען די שטיוול פון אַ געהרגעטן דייטש. ער איז געלעגן מיט צעוואָרפענע פיס אין אַ קאַלוזשע בלוט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע דייטשע בלוט, וואָס איך האָב געזען.

מיר זענען ווייטער אָפּגעטרעטן, כדי צו זיין אויסער דעם שטעטל. דאָ האָבן מיר זיך אַ ביסל פאַרהאַלטן, כדי אַרויסצופירן אונדזערע פאַרוווּנדעטע. עס איז שוין געווען טאָג. די דייטשן, זעענדיק אונדז, האָבן שטאַרק געשאָסן. דער פאַרטרעטער פון אָטריאַד־קאָמאַנדיר, וועלכער איז געזעסן נעבן מיר, איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און אויפן וועג צו דער באַזע איז ער געשטאָרבן.

קומענדיק צו דער באַזע, האָבן מיר איבערגעציילט אונדזערע פאַרלוסטן: פינף

געהרגעטע און עטלעכע פאַרווונדעטע. די פאַרלוסטן פון די דייטשן, לויט ידיעות פון אונדזערע אויסשפּירער — 32 געהרגעטע.

די יידן פון מאַדיאַל און אַנדערע, וועלכע האָבן זיך דורך פאַרשידענע וועגן צו אונדז דערשלאָגן צום הויכן אינדזל, זענען דורכן קאָמיסאַר טימטשוק געוואָרן אַריבער־געפירט הינטער דער פראָנט־ליניע. איך וויל דאָ אונטערשטרייכן, אַז טימטשוק האָט די גאַנצע צייט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פריינדשאַפט צו יידן.

צו אונדז זענען צוגעקומען מער און מער יידן. אַ מאָל, בעת אַ גרופּע פון בערך זיבעציק מאַן — אַלטע, פרויען און קינדער, זענען אין באַגלייטונג פון פּאַרטיזאַנישע וועג־פירער אַריבערגעפירט געוואָרן צו אונדז און זיך געפונען אַ זיבן קילאָמעטער פון דאָלגינאָווע און זיבעציק קילאָמעטער פון הויכן אינדזל — זענען זיי באַמערקט גע־וואָרן דורך אַ קליין פאַשיסטן. ווען ער האָט זיי דערזען, איז ער שנעל אַוועקגעלאָפן און געמאָלדן אין דאָלגינאָווער גאַרניזאָן. די גאַנצע גרופּע, אַ חוץ עטלעכע מענטשן און די וועג־ווייזער, זענען דערשאָסן געוואָרן.

## די לובאַנער אָפּעראַציע

נאָך אייניקע טעג, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אויפצורייסן די ספּירט־פאַבריק און אַרויסצופירן אַלע בהמות און חזירים פון לובאַן, ניט ווייט פון ווילייקי.

ביינאַכט זענען מיר צו צום זאַוואָד און גענומען אים באַשיסן. די דייטשן זענען זיך צעלאָפן, ניט שטעלנדיק קיין ווידערשטאַנד. דערנאָך האָבן מיר אונטערגעצונדן די פאַבריק און די שכנותדיקע בנינים. ניט ווייט פון דאָרט איז געווען דער פאָלוואַרק (פריערדיקער סאָווכאָז) לובאַן. נאָכן אונטערצינדן די פאַבריק, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן אין סאָווכאָז, כדי אַרויסצוטרייבן די בהמות. אַרום האָבן געברענט די בנינים. די צעחושטע פון פחד בהמות האָבן ניט געוואָלט גיין. ניט געקוקט אויף די גרויסע שוועריקייטן, איז אונדז געלונגען אַרויסצופירן דריי הונדערט קי און דריי הונדערט חזירים. די לובאַנער אָפּעראַציע איז אַדורך אָן פאַרלוסטן.

## אין גלובאָקער געטאָ

נאָך די דערמאָנטע אָפּעראַציעס און צוגרייטן פלייש און תבואה אויף ווינטער, איז דער אָטריאַד אַריבער אין די מזרח־ראַיאָנען פון דער אַנדערער זייט בערעזינע, אויף אינדזלען צווישן בלאָטעס, אין פּלעשטשעניצקי ראַיאָן. דאָ איז געווען די באַזע און דער שטאַב פון דער בריגאַדע. אונדזער אָטריאַד האָט זיך איינגעאָרדנט אין די דערפער אַרום פּאָליק.

במשך דעם גאַנצן ווינטער איז אונדזער אויפגאַבע געווען צו גיין אויף „זאַסאַדעס" (לויערס).

די גאַנצע צייט האָב איך געטראַכט צו גיין אין גלובאָקער געטאָ, כדי צו ברענגען דעם פאָטער. דאָס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך, ווייל, ערשטנס, איז ניט געווען דערלויבט צו גיין אָן וועלכע אויפגאַבע. צווייטנס, דער וועג איז געווען אַ ווייטער — 200 קל״מ, און מען האָט געדאַרפט אַריבערגיין צוויי באַן־ליניעס. ניט געקוקט אויף דעם, איז מיר געלונגען איבערצוצייגן אונדזער קאָמאַנדיר. אין באַגלייטונג פון פינף מאַן (גלעזער, פרידמאַן, קאָפּעלאָוויטש און נאָך צוויי, וועמענס נעמען איך געדענק ניט), האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דאָס איז געווען אין פעברואַר 1943.

אָן שטערונגען זענען מיר אָנגעקומען קיין וואָלקאָלאַט. פון אונדזערע פאַרבינדלערס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין בנין פון וואָלקאָלאַטער וואָלאָסט, קען מען עפּעס „איינ־שאַפן״ פאַרן אָטריאַד, ווי למשל אַ שרייב־מאַשין, געלט און אד״גל. אַ חוץ דעם איז אין וואָלקאָלאַט געווען אַ מילך־זאַוואָד, וואָס האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן. מען דאַרף באַמערקן, אַז אין דעם וואָלאָסט זענען קיין מאָל קיין פּאַרטיזאַנער ניט דערגאַנגען.

מיר האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. מיט העק האָבן מיר צעהאַקט דעם מילך־זאַוואָד, צעבראָכן די איינריכטונג, אונטערגעצונדן די ביכער און דאָקומענטן וועגן דער פּראָדוקציע און צושטעלונגען. ווען מיר זענען צו צום בנין פון דעם וואָלאָסט, האָבן מיר גענומען ברעכן די פענצטער, כדי זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק. אַלס ענטפער דערויף, האָט מען גענומען אויף אונדז שיסן. דאָס איז פאַר אונדז געווען אומ־דערוואַרט. מיר זענען געווען געצוווּנגען זיך צו צעלויפן און ערשט אין דער פרי האָט מען זיך צונויפגעקליבן.

אין געטאָ זענען מיר אָנגעקומען מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג. איך האָב מיינע חברים אַדורכגעפירט דורך אַ פאַרצוימונג נעבן אונדזער הויז, ווו מיין פאָטער איז געווען. מיר האָבן געטראָגן ווייסע קאַמופליאַזש־כאַלאַטן, קיינער האָט אונדז ניט באַ־מערקט. ווען מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, האָבן זיך אַלע דערשראָקן. קיינער האָט ניט געגלייבט, אַז דאָס זענען מיר. איך בין געפאַלן דעם פאָטער אין די אָרעמס. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך צוגערעדט מיין פאָטער און די שטוביקע, זיי זאָלן אַוועק מיט אונדז.

אין דער פרי האָט דאָס גאַנצע געטאָ געוווּסט וועגן אונדז. אין אָוונט זענען געקומען פאָרשטייער פון יודענראַט און יידישע פּאָליציי און געבעטן, אַז מיר זאָלן ווי אַמשנעלסטן אַוועק פון געטאָ. זיי זענען גרייט געווען צו געבן זאַכן, אַבי נאָר פּטור ווערן פון אונדז. אונדזער באַשטעלונג: דרוקעריי־שריפט און וואַלצן — איז געוואָרן אויסגע־פירט. פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך ניט אויפגעהערט איבערצוצייגן מיין פאָטער, ער זאָל אַוועק פון געטאָ. ער האָט ווידער אָפּגעזאָגט, ווייל ר׳איז געווען שווער קראַנק. די וווּנד אויפן קאָפּ האָט זיך ניט פאַרהיילט, און כאָטש איך האָב געטענהט, אַז ביי אונדז וועט ער באַקומען מעדיצינישע הילף, האָט ער ניט געהאַט גענוג כוח און ווילן צו לאָזן

זיך אין אַזאַ ווייטן און געפערלעכן וועג. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז פרילינג וועל איך ווידער קומען, דעמאָלט וועט ער אַוועק מיט מיר.

אַנשטאָט אים, האָב איך מיטגענומען 16 מענטשן מיט געווער: יעסין — דעם פּאַטערס אַ קוזין, אַ שוסטער; רודערמאַן, פּעסיע צעפּעלעוויטש און אַנדערע. איך אײנער האָב זיך געלאָזט מיט די 16 מאַן אין וועג, די אַנדערע האָבן זיך פאַרהאַלטן, כדי צו ווערבירן נאָך מענטשן.

צופוס האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו די ערשטע כוטאָרן, ווו מיר האָבן גענומען פערד און שליטנס און אַזוי האָבן מיר זיך שנעל צוריקגעקערט אויפן הויכן אינדזל. אין דער צייט האָט אַ טייל פון אָטריאַד זיך צוריקגעקערט פון פּאָליק אַהער, כדי דורכ־צופירן פּאַרטיזאַנישע אַקציעס. מיר זענען געבליבן, וואַרטנדיק אויף די איבעריקע מענטשן פון גלובאָקער געטאָ. נאָך עטלעכע טעג, זענען געקומען נאָך 5 יידן פון געטאָ — און דעמאָלט זענען אַלע צוזאַמען אַנגענומען געוואָרן אין אָטריאַד.

## עפּיזאָדן

איך וויל דאָ באַשרייבן עטלעכע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן זיך ספּעציעל איינגעקריצט אין זכרון:

צווישן די ניי־געקומענע פינף מענטשן, איז געווען אַ געוויסער וויינשטיין. באַלד נאָכן אָנקומען אין אָטריאַד, האָט מען אים איבערגעגעבן צו היטן אַ געכאַפּטן שפּיאָן פון ווילייקי, אַ געוו. סאָוויעטישן באַאַמטן. ביינאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט מיך געטרייסט, האָט ער געדאַרפט שטיין אויפן פּאָסטן פון 12 ביז 2 אַ זייגער. איך האָב אים געוואָרנט, אַז ער זאָל זיין וואַכזאַם, ניט וואָגן איינשלאָפן. ניט געקוקט אויף מיינע וואָרענונגען, איז וויינ־שטיין איינגעשלאָפן — און דעם שפּיאָן איז געלונגען צו אַנטלויפן. נאָך אַן אַליאַרם אין אָטריאַד, האָט מען דעם שפּיאָן געכאַפּט, נאָר וויינשטיינען האָט מען פאַרמשפּט צום טויט. געמשפּט איז ער געוואָרן אין זיין אָפּוועזנהייט. דער טויט־אורטייל איז אויס־געפירט געוואָרן, נאָר מודיע געווען האָט מען ערשט נאָכן אויספירן אים. אים האָט מען געפירט פון אינדזל אין דאָרף זאַזאָרנע, ווילייקער אָבלאַסט, כלומרשט צום משפּט, אויפן וועג האָט מען אים דערשאָסן. ער איז אַלט געווען 17 יאָר, נאָר וואָס געהאַט געקומען פון געטאָ. דער פאַל האָט געמאַכט אויף אַלע יידן אַ שוידערלעכן איינדרוק.

נאָך דעם ווי לעדערמאַנס צוויי זין, מאָטל און ירוחם, זענען אַוועק פון געטאָ, זענען די דייטשן צוגעשטאַנען צום פאָטער, דעם יודענעלטעסטן און אים באַשולדיקט, אַז ר׳איז פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אים פאַרגעלייגט צוריק ברענגען זיינע זין, אויב ניט, וועלן זיי דערשיסן אַ צאָל יידן פון געטאָ.

אין דער צייט האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנער — ביידע לעדערמאַנס, פרידמאַן פון דאָלגינאָווע און ירחמיאל, געפּועלט ביי סיגאַלטשיקן, ער זאָל זיי שיקן אין געטאָ וואַר־

בירן נייע מענטשן. זיי זענען אַוועק פון יעזשאָרנע, ווו עס איז געשטאַנען דער אָטריאַד. דאָס איז געווען בערך אַ חודש נאָכן דערשיסן וויינשטיינען. אויפן וועג האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן ביים פאַרבינדלער יאַשקע. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז אַהין געקומען אַ געוויסער גאָרדאָן פון גלובאָקער געטאָ, וועלכן דער יודענראַט האָט געשיקט מיט אַ בריוו פון לעדערמאַנען דעם פאָטער צו זיינע זין, אויפקלערנדיק דעם מצב אין געטאָ. נאָכן איבערגעבן דעם בריוו, האָט גאָרדאָן באַלד זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. זיי אַלע זענען אַוועק אין געטאָ ערשט נאָך צוויי טעג.

אַ וואָך איז אַדורך און דער אָטריאַד האָט ניט באַקומען פון זיי קיין ידיעות. די פאַרבינדונג מיט זיי איז געוואָרן איבערגעריסן. אַ וואָך שפּעטער זענען געפונען געוואָרן די טויטע קערפּערס פון ירחמיאלן און פרידמאַנען, אויפן וועג קיין גלובאָקע, די לעדער־מאַנס דאַקעגן זענען געווען אין געטאָ. זיי האָט מען אַריינגעלאָזט אין געטאָ, זעט אויס, נאָכן אָפּגעבן דאָס געווער די דייטשן. ניט געקוקט דערויף, זענען ערשט נאָך 10 טעג געקומען די געסטאַפּאָ זיי אַרעסטירן. בעת דעם אַרעסט איז פאָרגעקומען אַ שיס־אויס־טויש און דער עלטערער, ירוחם, איז דערהרגעט געוואָרן. דעם ייִנגערן איז געלונגען צו אַנטלויפן, נאָכן דערשיסן עטלעכע דייטשן. ער איז אַוועק צו די פאַרטיזאַנער. פאַרשטייט זיך, אַז ניט צו אונדז, נאָר ערגעץ אין פּאָלאָצקער אָבלאַסט. שפּעטער איז דער יודענ־עלטעסטער לעדערמאַן געוואָרן אַרעסטירט, אָפּגעשיקט קיין מינסק און דאָרט דערשאָסן געוואָרן.

ווי אונדזערע אויסשפּירער האָבן פעסטגעשטעלט, זענען פרידמאַן און ירחמיאל אומגעבראַכט געוואָרן דורך די לעדערמאַנס, אויפן וועג צום געטאָ. אַ פאַקט איז געווען, אַז אויף זיי זענען געבליבן די גוטע שטיוול און לעדערנע מאנטלען. זיי זענען ניט געווען צעקאַליעטשעט.

## דער איבערגאַנג אין דער נאַליבאָקער פּושטשע

נאָך די אַלע געשעענישן, האָבן מיר אין פעברואַר זיך צוריקגעקערט אויף דעם אַנדערן ברעג פון טייך בערעזינע. דאָרט האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן אַריבער אין דער נאַליבאָקער פּושטשע.

דער גאַנצער אָטריאַד האָט זיך געלאָזט אין וועג אויף פערד און שליטנס. מיר האָבן געמאַכט 50 קל״מ אַ נאַכט. די 5 קל״מ באַן־ליניע פון מאָלאָדעטשנע, זענען מיר אַדורכ־געגאַנגען 9 אַ זייגער אין דער פרי, פאַר די אויגן פון די דייטשן, וועלכע האָבן ניט געוואַגט מיט אונדז אויפצונעמען אַ קאַמף.

נאָך עטלעכע טעג, זענען מיר אָנגעקומען אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן מיט עטלעכע יידן פאַרטיזאַנער פון ביעלסקיס אָטריאַד. מיר האָבן אויך געזען אַ משפחה־לאַגער פון בלויז יידן. עס איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע פרייד

צו טרעפן זיך מיט נאָך אַ יידישע נאַציאָנאַלע איינהייט, אַ גאַנצער אָטריאַד, באַרימט אין ווייסרוסלאַנד.

דערווייל האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אין די דערפער, ניט ווייט פון דער פושטשע. איך האָב זיך איינגעקוואַרטירט אינעם גיט פון גראַף טישקעוויטש. דעמאָלט האָט מען געבויט דעם לאַגער אין דער פושטשע. אין חודש מערץ זענען מיר אַריבער אין גרויסע, באַקוועמע, ניט־פאַרמאַסקירטע זעמליאַנקעס. אין דער פושטשע איז געשטאַנען אַ גרויסער פאַרטיזאַנישער כוח. מיר האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן איינצוואָרדענען אין לאַ־גער, ווי מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל צוריקקערן זיך קיין פּאַליק. מיר האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער, איבערלאָזנדיק עטלעכע מענטשן, כדי צו אָרגאַניזירן אַ נייע בריגאַדע. צווישן זיי זענען געבליבן עטלעכע מאַן פון אונדזער וזוואָד: גלעזער, זיסקינד און אַנד. שפּעטער האָבן זיי באַקומען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער נייער בריגאַדע. גלעזער איז אַפילו געוואָרן נאַטשאַלניק פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג, נאָר דערנאָך, ניט דורכקומענדיק מיט דער קאָמענדאַנטור, איז ער געהרגעט געוואָרן ביי אומבאַוווּסטע אומשטענדן.

### צוריקקער צו דער פריערדיקער באַזע

אויפן וועג צום אינדזל, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע פּוילישע קעמפערס פון דער אַ.ק. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ). געווען איז עס, בעת מיר זענען אַריבער אַ טייכל ניט ווייט פון לידע. ווי געוויינלעך, איז אונדזער אויסשפּיר־גרופּע געגאַנגען פאָרויס — און זיך אָנגעשטויסן אויף אומבאַקאַנטע פאַרטיזאַנער. זיי האָבן תיכף באַוויזן צו דערשיסן די פערד פון אונדזערע אויסשפּירער, כדי זיי זאָלן ניט קענען אַנטלויפן. ס'האָט זיך אָנגע־הויבן אַ שיסעריי. איינער פון אונדזערע אויסשפּירער איז דערהרגעט געוואָרן. מיר, דערהערנדיק אַ שיסעריי, זענען געקומען צו הילף. נאָך אַ קורצן קאַמף, אין וועלכן ביידע צדדים האָבן ניט געליטן, האָבן מיר פאַרגעלייגט אַ וואָפנשטילשטאַנד. מיר זענען אַוועק אין ווייטערדיקן וועג.

פרילינג 1943 איז אונדזער גאַנצער אָטריאַד אַריבער אין פּלעשטשעניצקער ראַיאָן. באַלד ווי מיר זענען געקומען, האָט מען אָרגאַניזירט אַ שפּיטאָל — פרימיטיוו, אָן אינ־סטרומענטן, אויסשטאַטונג, מיט זייער ווייניק באַנדאַזשן און מעדיקאַמענטן. נאַטשאַלניק פון שפּיטאָל איז געוואָרן באַשטימט דער הויפּט־דאָקטאָר פון אונדזער אָטריאַד, אַ ייד פון מינסק, וועלכער איז אין מערץ 1942 אַנטלאָפן פון מינסקער געטאָ, שטשעגולאָוו. צוזאַמען מיט אים זענען אַנטלאָפן: דער יידישער שרייבער דאָבין (אים האָב איך איבער־געגעבן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דאָקשיץ, און ער האָט אַלץ פאַרשריבן), גורע־וויטש, טוניק און אַנדערע.

אַלס ווירטשאַפטלעכער לייטער פון שפּיטאָל איז באַשטימט געוואָרן אונדזער וזוואָד־

קאָמאַנדיר סיגאַלטשיק. מיך האָט מען גענומען צו היטן און באַזאָרגן מיט אַלעם נייטיקן דאָס שפּיטאָל. קעכין איז געווען די יידישע פרוי פון דאָקשיץ — סאָסמאַן.

דאָס שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין פּלעשטשעניצקער ראַיאָן, צווישן די דערפער כאַדאַקי און לעסניקי.

אין אָנהייב זענען ניט געווען קיין סך פאַרווונדעטע, נאָר דערנאָך, זומער־צייט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קריגס־אָפּעראַציעס, זענען צוגעקומען אַ סך פאַרווונדעטע. אין מאַי 1943, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אינטענסיוו צו זוכן אין די וועלדער. מיר זענען געווען געצווונגען אָפּצוטרעטן מער אויף מזרח, צוריק קיין פּאָליק — אַן אינדזל צווישן די בלאָטעס און געדיכטע וועלדער, וועלכע האָבן זיך געצויגן אויף 100 קל״מ. אויפן אינדזל האָט מען געקענט צוקומען נאָר מיט שיפלעך, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. באַלד איז קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן בלאָקירן אונדז. אין דער אַרומרינגלונג האָבן זיך געפונען אַן ערך 10.000 פּאַרטיזאַנער.

אונדזער אָטריאַד האָט פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל אויפן אינדזל און באַשלאָסן זיך אַרויסצורייסן אין דער ריכטונג פון מערב, כדי זיך אַרויסדרייען פון דער אַרומרינג־לונג. אַ ספּעציעלער דייטשער כוח איז געווען קאָנצענטרירט מזרחדיק פון פּאָליק. די דייטשן האָבן צעשטעלט גאַרניזאָנען אין אַלע דערפער און אין אַלע ראַיאָנען פון מינסק ביז פּאָלאָצק און פון מיאָדיאָל ביז פּאָלאָצק. די פּאַרטיזאַנער האָבן געפירט קאַמפן, אָפּטרעטנדיק. עס זענען געווען אַ סך פאַרווונדעטע. דער רינג האָט זיך צוזאַמענגע־קוועטשט אַלץ שטאַרקער. אויף אַלע שאָסייען און באַן־ליניעס זענען געשטאַנען דייטשן. אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, האָבן מיר געאַרבעט אין שפּיטאָל און אָנגענומען די פאַרווונדעטע, וועלכע מען האָט צו אונדז געברענגט מיט שיפלעך.

אַמאָל האָט מען אונדז געברענגט אַ שווער פאַרווונדעטן אין פוס. דאָס איז געווען אַ פּאַרטיזאַן, וועלכער איז אַרויף אויף אַ מינע. דער פוס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ ליילעך. במשך 3 טעג, ביזן אָנקומען צו אונדז אין שפּיטאָל, האָט ער ניט באַקומען קיין מעדיצינישע הילף. ווען מען האָט געעפנט די וווּנד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז שוין געווען אַ גאַנגרענע. ד״ר שמואל שטשעגולאָוו האָט באַשלאָסן צו אַמפּוטירן דעם פוס, נאָר עס זענען ניט געווען קיין אינסטרומענטן, ניט קיין נאַרקאָזע, מען האָט מיך געשיקט אין שפּיטאָל פון דער קיראָווער בריגאַדע, ניט ווייט פון פּאָליק, כדי צו ברענגען אינסטרומענטן. דאָס זעגל וואָס איך האָב געברענגט, האָט זיך אַרויסגעוויזן אומטויגבאַר צו אַן אָפּעראַציע. קיין סך צייט איז אָבער ניט געווען צו טראַכטן. אַוועקשיקן דעם פאַרווונדעטן אונטער דער פראָנט־ליניע — איז געווען אוממעגלעך, צוליב דער בלאָ־קאַדע. ד״ר שטשעגולאָוו האָט געהייסן נעמען אַ געוויינלעכע זעג, זי דורכברענען אויפן פייער. דעם פאַרווונדעטן האָט מען אַוועקגעלייגט אויף אַ געוויינלעכן טיש. צוויי מאַן האָבן געהאַלטן דעם פאַרווונדעטן פאַר די הענט און פאַרן קאָפּ, איך מיט נאָך איינעם האָבן

געהאַלטן דעם געשוואָלענעם, קראַנקן און בלאָען פוס. דער דאָקטאָר האָט אַרומגעשניטן די הויט פון פוס ביזן ביין — און דערנאָך דעם ביין אָפּגעזעגט. איך האָב דאָס ערשטע מאָל אַנטייל גענומען אין אַזאַ סאָרט אָפּעראַציע פון אַמפּוטירן אַ פוס אויף אַזאַ באַרבאַרישן אופן. דער קראַנקער האָט געוויינט און געשריען, הלמאי מען פייניקט אים. די גאַנצע אָפּעראַציע האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. דערנאָך האָט מען אים איבערגעטראָגן אין פּאַלאַטע, וווּ ר׳איז שטאַרק איינגעשלאָפן. ער איז שנעל געזונט געוואָרן — און לעבט ביזן היינטיקן טאָג.

עטלעכע טעג נאָך דער אַמפּוטאַציע, האָבן די פּאַרטיזאַנער דורכגעפירט ביינאַכט אַ דורכרייס. מיר זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּאַליק, אַוועק אויף אַן אַנדער אינדזל, ווייטער פון די דייטשן. אַלע לייכט־פאַרוווּנדעטע האָבן מיר צוריק געשיקט אין אָטריאַד. זעקס שווער־פאַרוווּנדעטע, צווישן זיי דעם מיטן אַמפּוטירטן פוס, האָבן מיר געדאַרפט טראָגן אויף זיך, אין די בלאָטעס. די פאַרוווּנדעטע האָבן געקרעכצט און אונדז געדריקט מיט זייער משא. כדי אַריבערצוטראָגן איין פאַרוווּנדעטן, האָט מען פאַרלוירן 2—3 שעה. ווען איך, מיט נאָך אַ פּאַרטיזאַן, זענען אַרויס מיטן לעצטן פאַרוווּנדעטן, זענען מיר געווען אַ 50 מעטער פון פּאַליק, ווו די דייטשן זענען שוין געהאַט אַריין. אונדז איז פאַרבליבן צו נעכטיקן אין דער בלאָטע. איך בין געווען אַזוי נאָענט צו די דייטשן, אַז איך האָב געהערט זייערע שמועסן. אַ פאַרוווּנדעטער, וועלכער איז געלעגן מיט דורכגעשאָסענע לונגען, האָט אַ גאַנצע נאַכט געקרעכצט. צו מאָרגנס האָבן מיר מיט גרויסע שוועריקייטן אים אַריבערגעטראָגן אויפן אינדזל.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז די בלאָקאַדע געוואָרן אַדורכגעריסן, מיר זענען פאַרבליבן אויפן אינדזעלע, ביז אונדזערע שווער־פאַרוווּנדעטע זענען געזונט געוואָרן. דערנאָך האָט מען דאָס שפּיטאָל איבערגעשיקט אין דאָרף זאַדאָרנע, אין פלעשטשעניצקער ראַיאָן, ניט ווייט פונעם שטאַב פון אונדזער בריגאַדע, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען: „בריגאַדע פאָלקס־נקמה־נעמער א. נ. פון באַראַניאַנסקי״.

## נקמה פון יידישע פּאַרטיזאַנער

דאָס גאַנצע יאָר — פון זומער 1943 ביז זומער 1944 — זענען מיר צוזאַמען מיטן שפּיטאָל געווען אין דעם דאָרף. טיילמאָל זענען מיר געגאַנגען מיט דער בריגאַדע בעת קאַמפּן, נאָר בעיקר, ביזן קומען פון דער רויטער אַרמיי, איז אונדזער אויפגאַבע געווען צו באַזאָרגן דאָס שפּיטאָל מיט שפּייז און היטן פון אַן אָנפאַל. דאָך האָבן מיר קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַז מען דאַרף נקמה נעמען אין די וועלכע האָבן געפּייניקט און אומגעבראַכט אונדזערע קרובים און נאָענטע.

איין מאָל, האַרבסט 1943, ווען מיר, סיגאַלטשיק, פרידמאַן, איך און צוויי רוסן, זענען אַוועק איינשאַפן פּראָדוקטן, האָבן מיר ריזיקירט אַריינצובאַקומען זיך אין דאָרף

